תמיד ... כי לא כלו רחמיו ... ה' חסדי

בעזהשי"ת

קונטרס

# נס ההצלה

## של רבינו הקדוש זי"ע

### אשר ניצל מידי הרשעים הארורים

### ביום כ"א כסלו תש"ה

...לא אוכל לספר ולתאר על הגליון רוב הנסים וחסדי השי"ת שנעשה גם עמדי במשך כל הזמן תחת הרשעים האכזרים הידועים ימ"ש... (מכתבים דברי יואל)

זה עתה יצא ראשונה נאסף ונלקט ממקורות נאמנים לא נראה כבושם הזה ולמען תספר באזני בנך ובן בנך את הנסים והנפלאות שעשה הקב"ה עם אבינו רועינו מנהיג ישראל אשר שלחו אלקים למחיה לפנינו

• • •

ארויסגעגעבן דורך:

ישיבה ומתיבתא תורה ויראה
דרבינו יואל מסאַטמאַר
*באָראָ פאַרק*

**בנשיאות כ"ק מרן אדמו"ר שליט"א**

כ"א כסלו תשמ"ה

כ"א כסלו תש"ה

לכבוד המסיבה השנתית מוצש"ק תולדות תשמ"ה
**וכעת יו"ל שנית עם הרבה הוספות**

**כ"א כסלו תשמ"ה**

"דפוס מזל"




בעזהשי"ת

קונטרס

# נס ההצלה

## של רבינו הקדוש זי"ע

### אשר ניצל מידי הרשעים הארורים

## ביום כ"א כסלו תש"ה

...לא אוכל לספר ולתאר על הגליון רוב הנסים וחסדי השי"ת שנעשה גם עמדי במשך כל הזמן תחת הרשעים האכזרים הידועים ימ"ש... (מכתבים דברי יואל)

זה עתה יצא ראשונה נאסף ונלקט ממקורות נאמנים לא נראה כבושם הזה ולמען תספר באזני בנך ובן בנך את הנסים והנפלאות שעשה הקב"ה עם אבינו רוענו מנהיג ישראל אשר שלחו אלקים למחיה לפנינו

• • •


ארויסגעגבן דורך:

ישיבה ומתיבתא תורה ויראה
דרבינו יואל מסאַטמאַר
*באָרא פאַרק*

**בנשיאות כ"ק מרן אדמו"ר שליט"א**

לכבוד המסיבה השנתית מוצש"ק תולדות תשמ"ה
**וכעת יו"ל שנית עם הרבה הוספות**

**כ"א כסלו תשמ"ה**

"דפוס מזל"

קונטרס הלז נערך ונסדר ע"י

**אלעזר אלימלך שטערן**

קרית יואל

טעל: 5824־782 ־(914־1)


Phototypeset Desighd By:




Mazel Typesetting & Printing Inc.
221 Ross Street
Brooklyn, N. Y. 11211
Tel. (718) 782-3909

# להודיע בשער בת רבים

דער קונטרס איז ארויסגעקומען לכבוד דעם דינער פון מוסדות סאטמאר בארא פארק מוצאי שב״ק תולדות תשמ״ה. און איז אויפגענומען געווארן מיט גרויס ליבשאפט דורך דעם חשובען ציבור. צוליב דעם גרויסן פארלאנג טוען מיר דאס איבערדרוקען לכבוד דעם יום ההצלה כ״א כסלו.

די צווייטע אויסגאבע איז רייך מיט תיקונים און הוספות וועלכע זענען ערהאלטן געווארן פון פארלעסליכע מקורות, ווי אויך האבן מיר אצינד געדרוקט א מפתח פונעם קונטרס. אויך זענען פארראכטן געווארן אסאך טעותי הדפוס וועלכע זענען אריינגעפאלן אין די ערשטע אויסגאבע צוליב די איילעניש עס זאל ארויסקומען צום יערליכן דינער.

נאך די פילע תיקונים והוספות וואס מיר האבן געמאכט אין דעם פְּנִים פונעם ספר, איז אונז צוגעקומען נאך הוספות, און צוליב די קורצע צייט איז נישט מעגליך געווען אריינלייגען אלע הוספות אויפן ארט האבן מיר זיי צוגעלייגט אין סוף פונעם קונטרס, און כדי מ׳זאל וויסן ווי א יעדע הוספה געהערט, האבן מיר אנגעצייכנט אויף יעדן פלאץ א סימן ווי פאלגענד: [עי׳ השמטה בסוף הספר], ווי אויך צום סוף ביי די השמטות שטייט צו וועלכן קאפיטל און עמוד די הוספה באלאנגט.

די הכנסה פון דעם קונטרס גייט פאר די מוסדות תורה ויראה דרבינו יואל אין בארא פארק.

בחודש כסלו תשמ״ה

**הנהלת המוסדות**

## איסור השגת גבול ידוע

היות שהשקענו דמים הרבה (תרתי משמע) עדי שראינו קונטרס הנוכחי כליל בהדרו, ע״כ אנו מבקשים לבל יהין להשיג גבולינו ולהדפיס הקונטרס בלתי רשותינו כולו או מקצתו, ולהשומע ינעם ותבא עליו ברכת טוב


מפתח

# מ פ ת ח







*- פאָרוואָרט -*

# ❁ ראשית דבר ❁

נתת ליריאיך נס להתנוסס וגו׳ (תהלים ס׳)

פערציג יאר זענען אדורך זינט דעם גרויסען טאג, יום ההצלה והשחרור כ״א כסליו תש״ה, דער טאג וואס די השגחה העליונה האט געראטעוועט מיט נסי נסים דעם קדוש עליון רבן ומנהיגן של ישראל, דער עמוד התווך פון כלל ישראל מרן קודש הקדשים זי״ע.

דער געהויבענער טאג איז באשטימט געווארן אויף דורי דורות פאר א יום טוב, אין אלע תפוצות ישראל, וואו עס געפינען זיך ערליכע אידן שלומי אמוני ישראל, ווערט כ״א כסליו געפראוועט מיט אפגעבן שבח והודאה פארן בורא כל העולמים אויף די וואונדערליכע רעטונג פון צדיק הדור, רבה דעמיה מדברנא דאומתיה, וואס האט נאך דעם חורבן הנורא צוריק אויפגעבויעט דעם חרוב געווארענעם כלל ישראל.

ווען מיר קוקען אן די רבי רבבות שלומי אמוני ישראל כן ירבו וכן יפרוצו, די צענדליגע טויזענטער תינוקות של בית רבן, די חדרים, מוסדות התורה, מיידעל שולעס, ישיבות, כוללים, בתי מדרשים, וואס זענען דורך רבינו הקדוש אויפגעשטעלט געווארן אין די תקופה פון נאכן חורבן בלייבט דער מענטשליכער שכל שטיין.

פון די רעשטלעך צוזאם געקליבענע אודים מוצלים מאש צעבראכענע שארבענס וואס זייער וועלט איז פינסטער געווארן, האט רבינו הקדוש אויפגעשטעלט דעם כלל ישראל, רבבות







רבבות ערליכע אידן מאמינים בני מאמינים. אין א וועלט פון כפירה און הפקרות, וואו דער פינסטער ווערט געטאפט מיט די הענט, די ממשלה, דאס געלט און די מאכט ליגען אין הענט פון עוכרי ישראל וואס זייער ציל איז אויסצורייסען יעדן זכר פון אידישקייט, אין דעם טאפעלטען געדיכטען פינסטערניש האט ארויסגעשיינט דאס לעכטיגע געשטאלט פון צדיק יסוד עולם, און האט באלויכטען דעם האריזאנט „יחיד אב המון פתאום ככוכב זרח וכו' להאיר בחשך" (סדר עבודה ליהכ"פ).

גענוג מיר זאלן ציטירן די הייליגע דבורים פון דעם בעל הנס וואס איז געווען מכיר בניסו רבינו הקדוש והטהור זי"ע, זיצענדיג ביים סדר פסח נאכט תשל"ה, ווען ער איז אנגעקומען צום קאפיטל במתי מעט כמה שנאמר האט ער געזאגט מיט גרויס התרגשות און פון זיינע אויגען זענען גערינען טרערן:

ווען מיר זענען אנגעקומען קיין אמעריקע זענען מיר געווען „מתי מעט", גאר ווייניג מענטשן בתכלית המיעוט, היינט ווען מיר זענען שוין בעזהי"ת א גרויסער עולם, איז שוין נישט קיין חידוש אז מ'קען זיך דערהאלטן אויפן דרך ישראל סבא און פארשפרייטן תורה און טהרה, אבער ווען מיר זענען אהער אנגעקומען נאכן מורא'דיגען חורבן וואס איז אויף אונז פאראיבער, מיר זענען געבליבן נישט מעט מהרבה נאר „מעט מן המעט" „ווייניג פון ווייניג", מיר זענען געווען ארומגענומען מיט שווערע נסיונות מבית ומבחוץ, אין א טמא'נע מדינה, צעבראכן און צעקלאפט, סיי ברוחניות סיי בגשמיות, און פונדעסטוועגען האט השי"ת מיט אונז געטאן די גרויסע חסדים, מיר האבן זיך געהאלטן, דורכגעמאכט אלע נסיונות, און פארברייטערט די גבולי הקדושה, ביז מיר האבן זוכה געווען אויפצושטעלן א גאנץ דור וואס גייט אין דרך התורה לויט די מסורת פון אבותינו הקדושים. „מאת ה' היתה זאת היא נפלאת בעינינו" אויף דעם דארפן מיר דאנקען און לויבען השי"ת. (הגש"פ דברי יואל ע' פ"ח).







אין דעם גרויסן טאג דארפן מיר דערציילען פאר אונזערע קינדער און קינדס קינדער די נסים און וואונדער וואס השי"ת האט געטאן מיט רבינו הקוה"ט זי"ע, און זיי ערקלערן דעם גרויסן נס ההצלה וואס איז דער נס ההצלה פון גאנצן דור.

אן א שיעור סיפורים, עובדות ווערן דערציילט וועגען די התנהגות פון רבינו הקדוש זי"ע אין די ימי הזעם, די אפענע השגחה עליונה אויף יעדן שריט און טריט, די וואונדער יעדע מינוט און יעדע שעה. אזוי ווי דער רבי שרייבט אין דברי יואל (וישלח קצ"ב) וזל"ק: „כל אחד יודע כי בניסי נסים ניצלנו בעזר השי"ת וכו'". מיר האבן פראבירט צוזאם צוקלויבען און קאנצענטרירן שילדערונגען פון אנשים נאמנים וועלכע האבן מיט געלעבט במחיצת קדשו און אליין בייגעוואוינט זיין הייליגע עבודה אין געטא און אין לאגער. זיי האבן געזען זיין אויסטערלישע התנהגות אין די ימי צרה ועברה, ווען עס איז מקויים געווארן דער והיו חייך תלוים לך מנגד, דאס לעבן האט געהאנגען אויף א האר, דארט האט זיך ארויסגעוויזען זיין מסירות נפש זיין גבורה זיין קדושה עילאה.

מיר דארפן דאס דערציילען פאר אונזערע דורות למען ידעו דור אחרון, זיי זאלן וויסן און געדענקען אז מיר און זיי האבן צו פארדאנקען אונזער אידישקייט פאר רבינו הקדוש זי"ע דער שליח פון די השגחה עליונה, און עס ליגט א פליכט אויף זיי צו גיין אין

...הבוכה"ע יעזור דכמו שניצלנו מהתלאות שעברו עלינו כן נזכה להרבות כבוד שמים בעולם ונזכה להיות דבוק בדרך התורה והאמת ונזכה להיות מאותם שמקרבים פדות נפשנו ולא מאותם שמעכבין אותו...

(דברי יואל)





דעם הייליגען וועג וואס ער האט אונז געלערנט, און איינגע־ווארצעלט אין אונז, דער דרך ישראל סבא אין וועלכן עס זענען געגאנגען אבותינו הקדושים, וועלכע האבן זיך אויסגעשטרעקט זייער האלז און זיך געלאזט פארברענען אויף קידוש השם. אט דער דרך איז דער איינציגער ערבות, די פארזיכערונג, אז מיר וועלן זיך קענען דערהאלטן אין דעם לעצטן גלות, און ווייטער ציען די גאלדענע קייט, אונטער די נשיאות און הנהגה פון ממשיך דרכו כ״ק אדמו״ר שליט״א, ביז מיר וועלן זוכה זיין בקרוב אקעגען צו גיין משיח צדקינו. „מיר וועלן זיך נישט שעמען אים צו ווייזן, דאס האבן מיר אויפגעטאן פאר תורה, פאר אידישקייט״ (אזוי ווי רביה״ק פלעגט זאגן), די דורות העתידים האבן מיר אויפגעצויגען אין דעם גלות טראץ די ביטערע נסיונות.

מיר געבן ארויס דעם קונטרס צו די געלעגענהייט פון יערליכען דינער פון אונזערע מוסדות, וואס קומט פאָר נאענט צום יום ההצלה, מיר דארפן אלע געדענקען אז די מוסדות זענען א חשובער צווייג פון דעם ערליכען בוים וואס רביה״ק האט אויפגעשטעלט נאכן חורבן, דער רבי האט ביי יעדע געלעגענהייט באטאנט אז זיין גאנצע הצלה איז נאר אויפצושטעלן דורות

**ועתה הייתי לשני מחנות**

...ובאמת כל אחד יודע כי בניסי נסים ניצלנו בעזר השי״ת וכו׳ ובוודאי איני כדאי לזה שהשי״ת עשה לי כ״כ הרבה נסים אמנם תכלית ההצלה היא ועתה הייתי לשני מחנות ומעיקרא על דעת כן ניצלתי שאשאר לתכלית זה לעזור ולסייע להעמיד לכל אלו המחנות הרבים וצריכין להחזיק לזכיה מי שיכול לסייע לזה...

(דברי יואל וישלח קצ״ב)

חסדי ה׳ כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו





נאמנים, דאס איז געווען זיין חיות און זיין שטרעבונג. מיר זענען זיכער אז איר וועט אייך אנשטרענגען צוטאן א נחת רוח פאר נשמתו הטהורה און מחזק זיין מיט אלע כוחות אט די פעסטונג וואס ער האט אויפגעשטעלט, דאס איז אונזער האפענונג, מחנך צו זיין אונזערע קינדער אויף דעם הייליגען דרך, אויף אונז ליגט די פליכט צו טאן אלעס אז די מוסדות זאלן וואקסן און זיך אנטוויקלען.

השי״ת זאל העלפן אין זכות פון החזקת התורה, עס זאל ביישטיין דער זכות פון מייסד רבינו הקוה״ט זי״ע פאר אלע שטיצערס, אזוי ווי ער האט צוגעזאגט איך וועל קיינעם נישט שולדיג בלייבן, אין דעם זכות וועט איר געבענטשט ווערן מיט אלע ברכות וואס זענען צוגעזאגט פאר מחזיקי תורה צו זען בנים ובני בנים עוסקים בתורה ומצוות באמת מתוך נחת והרחבת הדעת מיט בריאות השלימות, אכי״ר.

הנהלת המוסדות

...אנו פליטי חרב אודים מוצלים מאש ע״י נסי נסים יש לדאוג אם לא נעשה לנו נס ההצלה על צד הנסיון, וכשיעזור השי״ת להעמיד דורות ישרים ולהקים מוסדות התורה ע״ד אבותינו הקדושים ויצמח על ידינו השתלשלות הקדושה אז נדע שההצלה היה ע״י הקב״ה ומצד הקדושה...
(דברי יואל וישב רע״ג)





קונטרס

# נס ההצלה
## של רביה"ק זי"ע

קאַפיטל 1.

## צדיק כתמר יפרח

אין יאר תרצ"ד י"ב לחודש אדר האט רבינו הקדוש זי"ע איבערגענומען דאס רבנות אין די שטאט סאטמאר, וועלכע איז געווען א עיר גדולה לאלקים, מליאה חכמים וסופרים, איינס פון די גרעסטע אידישע שטעט אין די מדינה.

אונטער די הנהגה פון רבינו הקדוש זי"ע האט זיך די שטאט צעבליעהט און צעוואקסען, די השפעת הקדושה פון צדיק האט זיך דערקענט אויף יעדן שריט און טריט, גלייך ביים איבערנעמען דעם נזר הרבנות האט זיך די גאנצע שטאט מן הקצה אל הקצה געבויגען דעם קאפ און אויף זיך מקבל געווען זיין מרות. דער רבי זי"ע איז געווען דער אורים ותומים זיין הייליג ווארט איז געווען מאסגעבענד אין יעדן היינזיכט. פון טאג צו טאג האט זיך פארמערט זיין גרויסע ישיבה פון אלע זייטן זענען צוגעצויגען געווארן בחורים למדנים מופלגים צום גרויסן ליכט וואס שיינט פון סאטמאר, אין די ימים טובים האט די שטאט געזשימעט פון די טויזענטער חסידים פון אלע שטעט און ארומיגע מדינות





הקרובים והרחוקים. דער רבי זי״ע האט זיך ארויסגעשטעלט אלץ דער גבור ואיש מלחמה ווי א גענעראל מלומד מלחמה איז ער געשטאנען צו היטען די מויערן פון אידישקייט ער האט מתקן געווען פארשידענע פירצות, און איינגעפירט גדרים וסייגים אין אלע ענינים פון אידישקייט.

גדולי ישראל פון די גאנצע מדינה האבן ארויסגעקוקט אויף זיין פסק, זיין ווארט איז געווען וואגיג, זקני הרבנים, גאונים אדירים קדושי עליון האבן איבערגעגעבען דעם קרוין פון הנהגה פאר רבינו הקוה״ט, ביי אלע עניני דת אמבאלאנגט צו די מדינה איז ער געווען דער פוסק אחרון, מ׳האט געזען בחוש כי גדול רבינו בבית המלך ושמעו הולך בכל המדינות.

אזוי האט זיך געפירט די קהלה קדושה על מי מנוחות ביז יאר תרח״ץ, ווען שנאת ישראל האט געברענט אין גאנץ אייראפע, עס האבען זיך אנגעהויבען גזירות און רדיפות אין פארשידענע מדינות און אויך אויפן רומענישן אידנטום פלוצים געקומען א גרויסע עת צרה. קפץ עליהם רוגזו של גאָגאָ ימ״ש...

— • —

קאַפּיטל .2

## די גזירה אויף יהדות רומעניע

ענדע חודש כסליו יאר תרח״ץ האט דער רומענישער קעניג געשטעלט אלץ פרעמיער מיניסטער דעם באקאנטן אנטיסעמיט אכזר צורר היהודים קאָזאַ גאָגאָ ימ״ש, פירער פון די אייזערנע גארדע, א פארטיי וואס איז געווען געבויעט אויף שנאת ישראל, און האט שוין בעפאר זי האט באקומען די מאכט, דורכגעפירט שחיטות און פאגראמען אויף אידן. גלייך ווען דער רשע האט



איבערגענומען די רעגירונג האט ער גוזר געווען אויף אלע אידן איינוואוינערס פון רומעניע א ביטערע גזירה ממש להשמיד להרוג ולאבד. עס האבן אנגעהויבען צוקומען שרעקליכע שמועות פון אלע שטעט און דערפער וועגען כוואליעס אנטיסעמיטיזאם וואס האבן זיך פארגרעסערט פון טאג צו טאג, אידן האבן געהאט אויסצושטיין צרות צרורות, אויף זייערע קעפ האט געהאנגען א ביטערער גזר דין. אין קונטרס על הגאולה ועל התמורה סי' ל"ו דערמאנט דער רבי זי"ע די גזירת גאגא, וזלה"ק: „וזכור אזכור מה שאירע אצלנו במדינת ראמעניא סמוך לשנות המלחמה בשנת תרח"ץ כאשר המיצר לישראל נעשה ראש אכזר צורר היהודים נתמנה לראש המלוכה במדינה ההיא, וגזר גזירת כליון ואבדון רח"ל על כל היהודים תושבי המדינה וכבר היתה הגזירה חתומה והיה פחד גדול על כל היהודים."

די צענטראלע קאנצעליי אין קלויזענבורג האט צו וויסן געטאן פאר רבינו הקדוש אז עס איז באשטימט געווארן א תענית ציבור אויף ערב ראש חודש אדר א' אין גאנץ רומעניען. דער רבי זי"ע האט אבער אפגעשטופט דעם תענית אין זיין שטאט סאטמאר אויף י"ג אדר א' (תענית אסתר פון פורים קטן) דער רבי זי"ע האט דעמאלט געזאגט אז כאטש עס איז א עת צרה און מ'דארף צו איילן דעם תענית ווי פריער, אבער ווי באלד מ'נעמט זיך פאר צו פאסטן איז דאס געווען, און ס'איז מעגליך אז ביז צום באשטימטן יום התענית י"ג אדר א' וועט שוין די גזירה בטל ווערן, דער רבי האט געברענגט א ראיה פון חז"ל אז א גזירה קען בטל ווערן בלויז מיט דעם וואס מען נעמט זיך אונטער שפעטער צו פאסטן, און ער האט פארענדיגט „כ'האף אז דעמאלס וועט שוין זיין נאך די גזירה".

וכן הוה, עטליכע טעג בעפאר דעם טאג וואס רביה"ק האט באשטימט צו פאסטן, האט דער קעניג ארונטער געזעצט דעם רשע גאגא ימ"ש פון זיין פרעמיער שטול און די גזירה איז





גענצליך בטל געווארן ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר. דער רבי זי״ע שרייבט (עה״ג ועה״ת שם) והיה נס גדול מן השמים שניצולו אלפים ורבבות ישראל מגירוש והריגה רח״ל. (ועיי׳ בדברי יואל פ׳ בא הזכירו רבינו ג״כ ועיי״ש מה שפי׳ בזה דברי המדרש בפ׳ בא)

דער ציבור האט געמיינט אז אזוי ווי די גזירה איז סייווי בטל געווארן וועט דער רבי מבטל זיין דעם באשטימטן תענית, אבער רבינו הקדוש האט געהייסן אויסרופען א טאג פאר י״ג אדר א׳ אז יעדער פון 18 יאר און העכער איז מארגען מחוייב צו פאסטן. נאכמיטאג וועט מען זאגען תהלים און פארנאכטס וועט דער רבי זאגן א דרשה אין די גרויסע שול. די וועלכע האבן געהערט די ווערטער וואס רבינו הקדוש האט געלאזט פאלן ווען ער האט באשטימט דעם תענית „כ׳האף ס׳וועט שוין זיין נאך די גזירה״ האבן געזען די אפענע אויגן פון רבי׳ן זי״ע וואס האט פארענדערט דעם יום התענית וואס איז געווען באשטימט אויף ערב ר״ח און ער האט דאס באשטימט אויף שפעטער, וויסנדיג אז דעמאלט וועט שוין זיין נאך די גזירה, און פונדעסטוועגן וועט מען פאסטען.

— • —

קאַפּיטל 3.

## די מורא׳דיגע דרשה

אין די באשטימטע צייט האט זיך פארזאמעלט די גאנצע שטאט צו די דרשה, דאס גרויסע בית המדרש איז געווען געפאקט, דער רבי זי״ע איז ארויף פארן ארון הקודש און געזאגט א התעוררות דרשה מיט מורא׳דיגע בכיות, אידן וועלכע האבן בייגעוואונט דעם רירענדן מעמד דערציילען ווי גרויס עס איז געווען די התעוררות תשובה צווישן עולם, טייכן טרערן זענען פארגאסען געווארן ביי דעם מעמד.





. דער רבי זי"ע האט נאכגעזאגט די הייליגע ווערטער פון חתם סופר אין זיין דרשה נאך די מלחמה פון די פראנצויזען ווען די שטאט פרעסבורג איז געווען אין א גרויסע סכנה און דערנאך זענען זיי ניצול געווארן, אז ווען השי"ת ברענגט אויף אידן א צרה חוץ לדרך הטבע, און דערנאך ברענגט דער באשעפער א צווייטן נס חוץ לדרך הטבע צו ראטעווען פון די צרה, לכאורה אויב השי"ת האט זיי געוואלט ראטעווען פון די צרה, טא וואס האט ער קודם געברענגט די אומנאטירליכע צרה און שפעטער געמאכט א נס אויך אומנאטירליך, בעסער ווען ער הייבט נישט אן צוברענגען די צרה וואלט ער נישט גערארפט מאכן א נס מציל צו זיין דערפון.

נאר דאס איז א התראה, א ווארנונג, פון הימל שיקט מען סיגנאלן אז עס הענגט א שווערע גזירה אויף אידן, בעפאר ס'קומט די צייט אז די צרה זאל פארווירקליכט ווערן, טוט השי"ת א נס און שיקט א אומנאטירליכע צרה און דערנאך א צווייטען נס און אידן ווערן געהאלפן חוץ לדרך הטבע פון די צרה, דאס איז א ווארנונג פון באשעפער פאר אידישע קינדער זאלען וויסען אז השם יתברך שטראפט און ראטעוועט, טוט תשובה באצייטענס, און זייט מקדים תפלה לצרה, אויב וועט איר נישט תשובה טאן גרייט אייך צו א גזירה וואס איז פיל ערגער פון פריער.

האט דער רבי זי"ע געזאגט: יעדער ווייסט אז די צרה איז געקומען פלוצים אומפארהאפט, עס איז אומנאטירליך אז מיטאמאל זאל א גאנצע מדינה איבערגעדרייט ווערן אויף אזא אנטי סעמיטיזאם, אזא פינסטערע שנאת ישראל, אזוי אויך די ישועה איז געווען א גרויסער נס אין די לעצטע מינוט האט זיך אלעס איבערגעדרייט צום גוטען, פון דעם זעט מען אז דער ציל איז געווען צוווארענען אז מיר זאלן תשובה טאן יעדער זאל פאררעכטן זיינע פעלערס, פון הימל שיקט מען אונז סיגנאלן אז







עס קען ח"ו קומען א פיל ערגערע צרה אויב מען וועט נישט תשובה טאן.

דער רבי זי"ע האט איינגערעדן בייי די דרשה וועגן מצב פון כלל ישראל אומעטום, זאגענדיג דעם פסוק פון די תוכחה „ישא ה' עליך גוי מרחוק אשר לא תשמע לשונו", דאס זענען די דייטשען ימ"ש וואס זיי זענען מרחוק פונדערווייטענס און דאך רודערן זיי אויף די גאנצע וועלט זיי פלאנען נאר ווי אזוי שלעכט צוטאן פאר אידן אין די גאנצע וועלט.

אמאליגע צייטען ווען ס'איז ארויסגעקומען א גזירה רעה אויף אידן האט מען כאטש געוואוסט וואס די גזירה איז, די יוונים האבן גוזר געווען מעביר צו זיין על דת, המן האט גוזר געווען להשמיד להרוג ולאבד, האט מען געוואוסט קלאר וואס זיי ווילען און מ'האט דערויף מתפלל געווען, אין היינטיגן מצב ווייסן מיר נישט קלאר וואס זיי ווילען וואס זייער גזירה איז, זיי זאגען נישט ארויס ניטאמאל א צענטע טייל פון וואס ס'ליגט באהאלטן אין הארץ, דאס איז טייטש „אשר לא תשמע לשונו" אלעס איז פארנעפלט ממילא ווייסט מען נישט אויף וואס מתפלל צו זיין.

— • —

קאַפּיטל 4.

## טאטע! ווארט נישט אויף אונז

איך וועל נאכזאגן א משל וואס כ'האב געזאגט פארגאנגענעם הושענא רבה אויפן פסוק „צורי אל תחרש ממנו פן תחשה ממני ונמשלתי עם יורדי בור": א באליבט קינד האט זיך געזעגענט פון זיין פאטער בעפאר ער האט זיך ארויסגעלאזט אויף גאר א ווייטער רייזע צו א ווייטע מדינה אויף א לאנגע צייט. ווען דער זון האט זיך געזעגנט פון טאטען האט ער אויסגעבראכען מיט א







גרויס געוויין פאר גרויס בענקשאפט אז ער וועט אזוי לאנג נישט זען דעם פאטער, האט אים דער טאטע געזאגט דו וועסט דאך קענען פארבינדן מיט מיר דורכ'ן טעלעפאן אדער א טעלעגראמע, אבער דער זון האט זיך נישט געלאזט טרייסטען, ער האט ווייטער געוויינט זאגענדיג וואס וועט זיין אויב איך וועל שטארק קראנק ווערן אבער איך וועל זיין אין תפיסה וועל איך נישט האבן די מעגליכקייט דיך צורופען.

האט דער זון געשריגן צום טאטען איך בעט דיך טייערער פאטער, מיין קרוין, דו זאלסט נישט ווארטן ביז ווילאנג איך וועל מיך צו דיר פארבינדן דורכן טעלעפאן אדער טעלעגראם, נאר דו זאלסט דיך זען צו אינטערעסירן אויף מיר און דו זאלסט דיך פארבינדען צו מיר, ווייל אויב דו וועסט דיך נישט אנשטרענגען נאכצופארשען וואס איך טו, ווער ווייסט אויב דו וועסט מיך נאך אמאל געפונען, טאמער חס ושלו' וועל איך פארפאלן ווערן און מיין זכר וועט פארגעסן ווערן, דעמאלט וועסטו שוין נישט האבן וועמען צורופען און נאך וועמען צו זוכען.

דאס זאגט דער פסוק „צורי אל תחרש" רבונו של עולם דו זאלסט נישט זיצען שטיל און ווארטען „ממני" אויף מיר, אז מיר אידן זאלן דיך רופען, אז מיר זאלן זיך פארבינדען צו דיר, ווייל פן תחשה „ממני", אויב וועסטו שווייגען און ווארטן אויף אונזער התעוררות ווער ווייסט ח"ו צו דו וועסט נאך עפעס טרעפן טאמער ח"ו „ונמשלתי עם יורדי בור".

דער רבי זי"ע האט געזאגט מיט גרויסע בכיות, אויב האלטסטו רבונו של עולם אז מיר זענען נישט ווערט געהאלפן צו ווערן, אבער די אבות הקדושים זענען דאך זיכער ווערט, זיי ליידען דאך מיט אונז אלע צרות, דארפן מיר געהאלפן ווערן אין זייער זכות, העלף אונז וועגן דיין הייליג נאמען לא לנו ה' לא לנו כי לשמך תן כבוד.








כ"א כסלו תשמ"ה

דער רבי זי"ע האט אויסגעשריגן רבש"ע דו ביסט דאך זיכער ווערט אז ס'זאל שוין זיין „יתגדל ויתקדש שמי' רבה" מיר בעטן אבער אז ס'זאל שוין זיין „בחייכון וביומיכון ובחיי דכל בית ישראל", עס זאלן נישט זיין קיינע גזירות און הריגות אויף אידישע קינדער אלע זאלן דערלעבן ביאת המשיח.

— • —

קאַפּיטל 5.

## מיר דארפן זיין גרייט

אין די דרשה האט דער רבי זי"ע שטארק מעורר געווען וועגן פארשידענע פירצות און אויסגערעכנט אסאך ענינים וואס יעדער דארף פארריכטן אין עניני כשרות; צניעות; לימוד התורה; שמירת שבת; איבערהויפט האט ער מרעיש עולמות געווען אויף בייזהאר, דער רבי זי"ע האט אויסגעשריגען אינמיטן די דרשה „ווער ווייסט וואס עסווארט נאך אויף אונז מיר דארפן זיך גרייטן אויף אלעם ח"ו אבער איך בעט יעדן איינעם אז ביי א יעדן מצב, סיי וואס עס וועט קומען אויף אונז, זאל א יעדער מקבל זיין אויף זיך עול מלכות שמים באמת, און זיך נישט אוועק רירן אפילו איין האר „יעבור עלינו מה" וועלן מיר זיך האלטן ביי דער אמונה.

דעמאלט זענען די ווערטער געווען אינגאנצן אומפארשטענדליך, אין דער צייט וואס אלע אידן האבן געטאנצט אין די גאסן אז די גזירה איז בטל געווארן, האט קיינער נישט געוואוסט וואס דער רבי פארפירט אזויפיל און זאגט אזעלכע מורא'דיגע דיבורים, ליידער האט מען שפעטער געזען וואס דער צדיק האט פאראויס געזאגט איז אלעס מקויים געווארן, דער רבי זי"ע שרייבט בקיצור וועגן די דרשה אין על הגאולה ועל התמורה: (שם) ודרשתי במקהלות עם ביום התענית לעורר לב בני קהלתינו







להודות לשמו ית' ולשוב אל ה' בכל לבב וכו'- ובדברים האלה עוררתי אז לתשובה דעו נא רבותי כי ישועה גדולה עשה השי"ת לנו, וטרם יצתה הגזירה לפועל שלח השי"ת ישועתו וכו', אך דעו נא כי הראו לנו מן השמים בזה התראה שיוכל להיות ח"ו צרה כמותה ויותר מזה ח"ו, וכמו שהתרה החת"ס, לכן נשוב אל אלקינו שלא יארע לנו צרה כזו ולא כיוצא בה". דער רבי פירט אויס כהאי לישנא: ואין צורך לספר מה היה סוף הדבר ובעוונותינו הרבים לא ארכו הימים וחזרה ונשנתה פרשת הפורעניות וגזירות קשות ר"ל, ונאבדו אלפים ורבבות נפשות ישראל בשנות השואה ר"ל. (טיילען פון די דרשה זענען געדרוקט אין קונטרס חידושי תורה ודרשות א"י ופרקי אבות).

נאך די דרשה איז שוין געווען שפעט פארנאכט כי פנה היום, מ'האט געדאווענט מנחה, און נאך די שמונה עשרה איז דער רבי זי"ע צוגעגאנגען צום עמוד און געזאגט אבינו מלכינו מיט הארצרייסענדע בכיות שטיקל נאך שטיקל, און דער עולם נאך אים.

— • —

קאַפיטל 6.

## עת צרה ליעקב

אין יאר ת"ש די שטאט סאטמאר און פיל אנדערע גרויסע קהלות פון צפון זיבענבירגען וועלכע זענען געווען ביז דאן ראַמענישע טעריטאריע איז אריבערגעגאנגען צו אונגארן. די אונגארישע רעגירונג וועלכע איז געווען פארבינדן מיט די דייטשן ימ"ש, האט אנגעהויבען איינצופירן פארשידענע גזירות אויף די זיבענבירגען אידן. טראץ די גזירות רעות וועלכע האבן פארשווערערט דאס לעבן האט רבינו הקדוש ווייטער אנגעפירט די קהלה הקדושה און די גרויסע ישיבה און אין דער זעלבער





צייט האט ער עוסק געוועז מיט אלע כוחות אין די הצלה ארבעט, דער רבי זי"ע איז געוועזן פארבינדען מיט עסקנים אין איירופא און אמעריקא און זיי אלארמירט וועגן דעם מצב פון אייראפעאישן אידענטום. אין סאטמאר זענען געוועזן באהאלטן פילע פליטים פון פוילען א גרויסע טייל פון זיי האבען געפונען א מקום מקלט ביים רבי'ן אין הויז און אין זיין בית המדרש. דער רבי זי"ע איז געוועזן ענג פארבינדן מיט דעם וועד ההצלה אין פעסט און גענומען אן אקטיווען טייל אין זייערע פעולות ההצלה, אין זיינע בריוו צו עסקנים אין שווייץ און אין אמעריקא האט דער רבי געפאדערט זיי זאלן זיך נישט אפהאלטן קיין רגע, ווייל יעדע מינוט וואס מ'פארזוימט זיך ווער ווייסט צי מען פארשפעטיגט נישט ח"ו.

(עי' השמטה בסוף הספר)

אויך אין די שווערע זמנים ווען עס האבן זיך געמערט די צרות, און אסאך פון די ישיבות האבן זיך געמוזט שליסן צוליב די לאגע, האט דער רבי זי"ע ווייטער געפירט זיין גרויסע ישיבה און געלערנט די שיעורים אן קיין שום ענדערונגען, און טראצדעם וואס ער האט געוויייטאגט מיט יעדן איד, זיין הייליג הארץ האט מיטגעפילט צרות ישראל, ער האט געטאן מיט אלע כוחות צוראטעווען אידישע נפשות, דאך האט אים דאס נישט געשטערט צולערנען מיט זיינע געליבטע תלמידים דעם שיעור הישיבה כדרכו בקודש, און אויך אין די שווערסטע אומשטענדן האט דאס פייער פון ליבשאפט צו תורה וואס האט געברענט אין זיין הייליג הארץ זיך געשטארקט אויף אלע עגמת נפש און שברון לב.

— • —

### קאַפיטל 7.

## באהבתה תשגה תמיד

אין די הקדמה פון שו"ת דברי יואל דערציילט דער משב"ק נאמן ביתו הרה"ח ר' יוסף אשכנזי שליט"א, אז אין יאר תש"א





ווען מען האט אנגעהויבן צופירן אויף פוילן אלע פרעמדע וועלכע האבן נישט געהאט די אונגארישע בירגערשאפט, איז געקומען די ידיעה פון סעליש אין א זונטאג טאג, אז שבת בעפאר האט מען געכאפט און אוועק געפירט דעם רבי'נס שוואגער הרה"צ מריינזשאוו מוה"ר חיים מאיר יחיאל האראוויץ זצ"ל הי"ד איידעם פון קדושת יו"ט, ווען דער רבי האט זיך דערוואוסט די ביטערע נייעס איז געווען זיין צער און עגמת נפש שרעקליך, עס איז אומבאשרייבליך ווי אזוי זיין הייליג פנים האט אויסגעזעהן פאר גרוים ווייטאג, דער רבי האט נישט גערוהט ער האט פראבירט אלע השתדלות וואס ס'איז נאר מעגליך אים צו ראטעווען און צוריק ברענגען. ווען דער רבי איז אריינגעקומען זונטאג פארמיטאג צום שחרית דאווענען האט ער זיך געדרייט אין בית המדרש א לאנגע צייט ארויף און אראפ און האט זיך נישט געקענט שטעלן דאווענען. אין אזא טאג האט יעדער געמיינט אז דער רבי וועט זיכער נישט פארלערנען דעם שיעור.

נאכמיטאג האט דער רבי פלוצים געשיקט פרעגן צי די בחורים געפונען זיך שוין אין בית המדרש ווייל ער וויל פארלערנען דעם שיעור, און דער רבי איז אריינגעקומען ווי געהעריג און געלערנט דעם שיעור. אין אנהייב שיעור האבן די בחורים נישט געוואגט זיך מפלפל צו זיין מיטן רבי'ן וויסענדיג ווי גרוים דער רבינ'ס צער איז, צוליב די ביטערע בשורה פון זיין שוואגערס אוועקפירן, אבער דער רבי זי"ע האט זיי געמוטיגט מיט זיין פרייליך פנים און האט פארגעזעצט צולערנען דעם שיעור אזוי ווי ס'וואלט גארנישט פאסירט.

— • —









בך בטחו אבותינו בטחו ותפלטמו

אליך זעקו ונמלטו בך בטחו ולא בושו

### קאַפּיטל 8.

## גזירה עבירא דבטלה

אין יענע תקופה איז ארויסגעקומען די גזירה אז יעדער מוז האלטן אפען דאס געשעפט אין שבת. א טייל רבנים האבן געהאלטן אז מ׳איז זיך מחוייב מוסר נפש זיין, ווייל דער ציל פון די רשעים איז מעביר על הדת צו זיין, און אין אזא פאל איז די הלכה „יהרג ואל יעבור״. דער דראגמירעשטער רב האט זיך דעמאלט געווענדעט צום רבי׳ן זי״ע מיט די שאלה, צוגעבענדיג אז לויט זיין מיינונג איז מען מחוייב זיך מוסר נפש צו זיין, דער רבי האט אים גארנישט געענטפערט אויף זיין בריוו, ווען ער האט געשריבען צום רבי׳ן א צווייטען בריוו וועגען די שאלה האט דער רבי זי״ע אים צוריקגעשריבען: איך האב אייך דערפאר נישט געענטפערט ווייל דאס איז קעגען מיין ווילען צושרייבען אי אזא ענין ווייל ס׳איז א גרויס אחריות פון ביידע זייטן, סיי צו אסר׳ן, און אויך מתיר צו זיין דורך א גוי איז זייער שווער, דער רבי איז מברר די הלכה, און שרייבט, איך בין שטארק טרוד געווען צו זוכען עצות ווי אזוי די גזירה זאל בטל ווערן אז מ׳זאל נישט דארפן מפלפל זיין אין אזעלכע שאלות, און ברוך ה׳ די גזירה איז טאקע בטל געווארן, און אין אונזער שטאט סאטמאר בעזהי״ת עפענט מען נישט א געשעפט אין שבת. (שו״ת דברי יואל או״ח סי׳ ט״ז).

— • —

### קאַפּיטל 9.

## משתכפו הצרות

די גזירות זענען פארמערט געווארן, די אונגארישע זשאנדארען זענען אפטמאל איבערגעפאלען דעם רבינ׳ס בית המדרש זוכנעדיג אומלעגאלע פליטים וועלכע האבען זיך



אויסבאהאלטן אין סאטמאר. צוליב די גרויסע שרעק פון די איבערפאלען האבען די פילע חסידים וועלכע פלעגען פארן צום רבי'ן אויף ימים נוראים נישט געקענט קומען אויף ימים הנוראים פון יאר תש"ד, דער רבי זי"ע האט צוליב דעם שווערן מצב באוויליגט אריבערצופארן אויף גאנץ סוכות תש"ד קיין גראסווארדיין וואו די לאגע איז געווען בעסער, דארט האט רבינו הקדוש געפראוועט אויך די צווייטע טעג שמיני עצרת און שמחת תורה, צוזאם מיט פילע חסידים פון נאענט און ווייט.

דער מצב האט זיך אזוי געצויגען ביז סוף ווינטער תש"ד, ווען עס איז ענטשטאנען איידער א שינוי צום שלעכט. די דייטשע ארמיי האט אקאפירט אונגארן נאך פורים, די רעגירונג איז געטוישט געווארן אויף אן אנטיסעמיטישע רעגירונג, וועלכע האט געמאכט דאס לעבן פון אידן אומדערטרעגליך מיט די נייע שווערע גזירות, די פאקטישע פירערס פון אונגארן זענען דאמאלט געווען די דייטשע עס עס ימ"ש וועלכע האבן צוגעגרייט דעם מערדערישען פלאן די „ענדגילטיגע לאזונג" פון אידישן פראבלעם.

— • —

### קאַפּיטל 10.

## מן המיצר קראתי ק"ה

צווישען די תלמידים אין רבי'נס ישיבה זענען געווען אסאך בחורים פון אנדערע מדינות וועלכע זענען געווען אין סאטמאר מיט פאלשע פאפירן, האט די פאליציי אלס געזוכט די אומלעגאלע בחורים, און האט דורכגעפירט אָבלאַוועס אויפן רבי'נס בית המדרש.

די איבערפאלען זענען געווען באגלייט מיט גרויס רשעות און אכזריות, און האבן אנגעווארפען גרויס שרעק אויף יעדן.



אפטמאל זענען זיי ארייגעפאלן אין ביהמ"ד פרייטאג צונאכט ביים טיש, וויסענדיג אז דעמאלט פארזאמלט זיך א גרעסערער עולם.

איינמאל פרייטאג צונאכטס אינמיטן טיש האט זיך דערהערט פונדערווייטענס א שיסעריי, און דערנאך האט מען געזען ווי די פאליציי דערנענטערט זיך צו די ריכטונג פון ביהמ"ד, אלע אנוועזענדע זענען זיך צעלאפען פאר גרויס שרעק. שפעטער ווען די רשעים זענען אוועק, און דער עולם האט זיך צוזאמענגעקליבן צום טיש, האט מען נישט געטראפן דעם רבי'ן. עס איז ענטשטאנען א גרויסע מהומה, מי יודע ווי דער רבי איז נעלם געווארן.

אינמיטן דעם גרויסן טומעל האט איינער פון די משמשים זיך פארלוירן, און האט אנגעצינדען די לאמפּ אין רבי'נס שטוב. באלד דערויף האט זיך דערהערט דעם רבי'נס שטימע, ער האט א געשריי געגעבן „נו, שבת!" דער משמש האט זיך אנגעהויבן צו פארענטפערן אז הערנדיג די שיסעריי האט ער פאר גרויס בהלה נישט געוואוסט וואס ער טוט „און אז מען שיסט פארגעסט מען שוין אז ס'איז דא א באשעפער אויף דער וועלט?" האט דער רבי געפרעגט. (בולעטין קרית יואל, געהערט פון א תלמיד פון רבינו הקוה"ט וועלכער איז אנוועזענד געווען בשעת מעשה).

איינמאל איז פארגעקומען א איבערפאל אויפן רבי'נס ביהמ"ד פרייטאג צונאכטס, ווען דער רבי האט געהאלטן פאר קידוש, פאר גרויס שרעק איז דער רבי געפאלן אין חלשות, מען האט געפרואווט אים צו מינטערן אבער אן ערפאלג. ביז איינער האט געברענגט א זויערע לימענע (ציטראן) און אריינגעטראפט אין רבי'נס מויל, קוים האט זיך דער רבי דערמינטערט האט ער זיך אנגערופען, „נו, קידוש!" און ער האט נישט געוואלט מער

אריינגעמען די לימענע אין מויל ווייל ער זאל נישט טועם זיין פאר קידוש. (שם בשם תלמיד הנ״ל).

צוליב די אפטע איבערפאלן האט די הנהלת הישיבה מיט די צושטימונג פון רבי׳ן געגעבן א באפעל אז אלע בחורים וועלכע האבן נישט געהאט לעגאלע פאפירן, זאלען פארלאזן סאטמאר און זיך צעשפרייטען אין קלענערע שטעטלעך, ווי דאס געפאר איז קלענער, אדער זיי זאלען אהיימפארן עד יעבור זעם. פילע בחורים האבן זיך צעשפרייט אין די שטעט דעש, קלויזענבורג גרויסווארדיין און נאך. און צו אמאל האבען זיי זיך אריינגעכאפט קיין סאטמאר אויף א וואך צוויי נישט קענענדיג זיך איינהאלטן די גרויסע השתוקקות צו זיין ביים רבי׳ן, און דערנאך זענען זיי צוריק צו זייערע באהעלטענישן.

אויף שבת פרשת שקלים תש״ד איז רבינו הקדוש נישט געווען אינדערהיים, ער איז געווען אין די שטאט דעברעצין, אונגארין.

שבת פאר׳ן לייענען האט דער רבי געהאלטען א דרשת התעוררות, [כדרכו בקודש אין די אלע שטעט ווי דער רבי פלעגט צו קומען אויף שבת, האט דער רבי געהאלטן א דרשה און מעורר געווען אקעגן די פירצת הדור, ובפרט אקעגן דעם רעיון הציונות וועלכעס האט זיך דאן אנגעהויבן צו פארשפרייטן] אינמיטן די דרשה האט דער רבי געזאגט, איך פארכט מיך פאר דריי זאכן:

1) די קאמוניסטן וועלן איינעמען א גרויסע טייל פון די וועלט.

2) די ציוניסטען וועלן באזיגן די וועלט.

3) אז די „נעדרים״ וועלן חלילה נישט אהיים קומען.





[ערקלערונג: דעמאלט האט מען נאכנישט געוואוסט וואס די דייטשע רשעים טוען מיט אידישע קינדער. פיל יארן שפעטער האט דער רבי זי"ע דערציילט פאר זיינע נאענטע אז ער האט דעמאלט געזאגט אז ער האט מורא פאר דריי זאכן וכו', דער רבי האט צוגעגעבן מיט א טיפן קרעכץ, ליידער זענען אלע דריי מקויים געווארן. 1) נאך די צווייטע וועלטס קריג האט זיך דער קאמוניזאם צעשפרייט אין א גרויסען טייל וועלט און עס האלט זיך אין איין אויסשפרייטען צו נאך און נאך מדינות. זיי זענען א ערנסטע געפאר פאר די וועלט. 2) די ציונים האבן באזיגט די וועלט און באקומען א שטארקע מאכט, זיי האבן איינגענומען די הערצער פון רוב רובו פון כלל ישראל, און זיי אריבערגעפירט צום רעיון הכפירה פון ציוניזאם, זיי האבען זיך אויפגעבויעט א מיליטערישן כח, און רייצען זיך מיט מלוכות אדירות מיט די גרעסטע חוצפה און עזות. זייער איינפלוס גרייכט ביז צום אמעריקאנער פרעזידענט, וואס ליגט אונטער א כסדר'דיגען דרוק פון די ציונים, זיי פירען מלחמות מיט שפיכות דמים, און שטעלן אין סכנה דעם גאנצען ישוב, זיי זענען פארמישט אין איבערקערענישן אין פילע מדינות פון סוף העולם ועד סופו. דער רבי זי"ע האט זיך אויסגעדריקט ביי א שלש סעודות תורה „אלע צרות איבער די גאנצע וועלט ברוחניות ובגשמיות קומען פון די ציונים. 3) ליידער איז קיינעם נישט איינגעפאלן אז מיליאנען אידן וועלכע זענען שוין דאן געווען אוועקגעשלעפט געווארן אין די „צוואנגס ארבעטס לאַגערן" (מונקאָ טאַבור) וועלכע מען האט דאַן גערופען „נעדרים" זייענדיג נעדר און מען האט נישט געוואוסט וואו זיי געפונען זיך, האט דער רבי געזאגט אז ער האט זייער מורא אז די נעדרים וועלן חלילה נישט אהיים קומען, וועלכעס איז ליידער מקויים געווארן, און זיי זענען נעבעך אומגעקומען אויף קידוש השם].

(עי' השמטה בסוף הספר)





שבת פרשת פרה איז דער רבי זי"ע געווען אין די שטאט סעליש, אונגארין, אויף די שבע ברכות פון הגה"צ אב"ד מוזשאי שליט"א.

זונטאג אינמיטן די סעודת שבע ברכות איז אריינגעקומען א איד און געברענגט די ידיעה אז די דייטשע רשעים ימ"ש זענען אריינגעקומען אין אונגארין.

געווענליך ווען רבינו הקדוש איז געווען אויף שבת אין א שטאט איז ער געבליבען ביז אינמיטן די וואך, אבער ווען די ידיעה איז געקומען וועגען די אקאפאציע פון די נאצים ימ"ש איז דער רבי שוין זונטאג געפארן אהיים, קוים איז דער רבי אנגעקומען אהיים און נישט געטשעפעט געווארן פון די אנטיסעמיטישע זשאנדארען וועלכע זענען געווען פול און אלע וועגן.

אין יענע טעג האבן די בני בית פון רבי'ן אנגעהויבן צו ציטערן וועגען מצב פון רביה"ק, וויסענדיג אז די רשעים וועלען זיך אנטשעפן אין רבי'ן וועלכער איז געווען שטארק מפורסם אין די גאנצע מדינה אלץ מנהיג פון טויזנעטער אידן. האט מען געטאן אלעס די רשעים זאלן נישט האבן א פתחון פה אויסצוטרעפן בלבולים אויפ'ן רבי'ן.

אין אוצר פון רבי'ן זענען געווען טויזענטער בריוו וועלכע דער רבי פלעגט באקומען פון אלע עקן פון וועלט, האט מען מורא געהאט טאמער וועט די פאליציי מאכן א הויז אונטערזוכונג און זען די בריוו מיט די אויסלענדישע פאסט מארקעס וועלן זיי אויסטראכטן אן עלילה אז דער רבי איז א שפיאן דערפאר איז ער אזויפיל פארבינדן מיט אויסלאנד, האט הרה"ח ר' פייבוש אשכנזי ז"ל הי"ד דער געטרייער משב"ק זיך גענומען צו די ארבעט מבער צו זיין די בריוו, ער האט גענומען צו הילף להבחל"ח הרה"ח ר' יודא הכהן ראזענבערג נ"י (יעצט מנהל פון קעמפס רב טוב) ר' יודל





דערציילט אז זיי האבן געפענט טויזענטער בריוו און בודק געווען וואס ליגט אינעווייניג, אין א גרויסע טייל בריוו אפשר אין א דריטעל פון די בריוו איז געלעגען געלט פארשידענע ערליי אויסלענדישע געלטער וועלכע זענען דארט געליגען לאנגע יארן און דער רבי זי"ע האט נישט געוואלט צורירן צום געלט, דארט זענען געווען דאלארן – ענגלישע פונטען – פראנצויזישע פראנקן – שווייצער געלט – און אויסטראלישע געלטער. דארט זענען געווען בריוו ממש פון ארבע פנות העולם מיט שאלות עצות בקשות אזא געוואלדיגען כח האט דעמאלט געהאט דער רבי זי"ע אין ד' כנפות תבל.

— • —

קאַפּיטל 11.

# והכהנים על משמרתם

מיטוואך פאר פסח האט זיך געפילט אין די לופט אז עפעס גייט פארקומען, די שטוב מענטשען פון רבי'ן האבן איינגעזען אז דער רבי טאר נישט בלייבען אין זיין הויז, ווייל די רשעים האבען געהאט א מורא'דיגע שנאה צום רבי'ן. נאך מנחה מעריב האבען די בני בית גענומען דעם רבי'ן און אים אריבערגעפירט אין א באהעלטעניש אין הויז פון א איד מיטן נאמען ר' פנחס איזראעל ז"ל, און מ'האט אים געבעטן ער זאל דארט איבערנעכטיגען, אין רבינס הויז זענען געבליבן נאר די קעכערן און נאך א שכנ'טע.

און טאקע אינמיטן די נאכט האבען דייטשע און אונגארישע סאלדאטן באפאלן דעם רבינ'ס הויז זיי האבן געסטראשעט די פרויען זיי זאלן אויסזאגען ווי דער רבי איז באהאלטען, די צוויי נשים האבן זיך אבער געהאלטען אז זיי ווייסען נישט וואו דער רבי געפינט זיך. זיי האבן געזוכט און גענישטערט אין גאנצען הויז זיי זענען ארויף אויפ'ן בוידעם און געזוכט אין קעלער און זענען אויך









געווען אין בהמ"ד, נאך זוכענישען פון צוויי שעה אומעטום זענען זיי אוועק געגאנגען, די רשעים האבן געשימפט פאר כעס, און פאר גרוים רציחה האט א סאלדאט ארויסגעשאסן א קויל אין די לופט, די קויל איז געפלויגן צום רבינ'ס ספרים שאפע און א דורכגעלעכערט דעם ספר סמ"ג, צום וואונדער האט זיך די קויל אפגעשטעלט אינמיטן ספר ביי די ווערטער „והכהנים על משמרתם", (רביה"ק האט אליין דערציילט די מעשה ביי א סעודת יומא דהילולא פון קדושת יו"ט זי"ע, כ"ט שבט תשכ"ז). מ'האט אין דעם געזען א רמז אז טראץ די רדיפות וועט רבינו הקדוש דער כהן לקל עליון פארבלייבען על משמרתו די רשעים וועלן ניט האבן קיין שליטה אויף אים.

אינטערעסאנט אז דער ספר סמ"ג וועלכער איז פארלוירן געגאנגען אין די מלחמה יארן צוזאם מיטן רבי'נס ספרים, איז צוריק אנגעקומען צום רבי'ן נאך די מלחמה אין אמעריקא. דער רבי זי"ע האט דערציילט ווי אזוי דאס ספר איז צוריק געקומען צו אים. פאר הרב ר' ישי הערכט ע"ה וועלכער איז געווען נאענט מיטן רבי'ן פאר די מלחמה זייענדיג ר"מ אין סאטמאר, האט א מוכר ספרים אנגעטראגן צו פארקויפן א אלטן ספר סמ"ג, ר' ישי האט געעפענט דאס ספר און באמערקט דעם זיגל פון רביה"ק ארויפגעזיגלט אויפן סמ"ג, האט ער דאס אפגעקויפט און געברענגט צום רבי'ן. דאס איז טאקע געווען דער זעלבער סמ"ג אין וועלכן די קויל האט געטראפען. דער רבי זי"ע פלעגט ווייזען דאס ספר סמ"ג וועלכעס איז דורכגעלעכערט געווען פון א נאצישע קויל.

[מערקווירדיג אז א ענליכע עובדא איז געווען ביים רבי'נס עלטער עלטער פעטער „דודו זקנו" דער גאון און צדיק רבי יעקב עמדין זצוקלל"ה, אזוי ווי ער אליין שרייבט באריכות אין דיע הקדמה פון ספר מור וקציעה: ער פלעגט לערנען ביינאכט שפעט מיט א ליכט, ער האט דעמאלט געלערנט טור — בית יוסף





צושרייבענדיג זיינע הערות פון וועלכן ער האט צוזאם געשטעלט דעם ספר מור וקציעה. איינמאל שפעט ביינאכט ווען דער יעב"ץ איז געזעסן און געלערנט לאור הנר ביי די ליכט האט ער פאר גרויס מידקייט איינגעדרימלט אויפן טור און דאס ליכט האט זיך איבערגעדרייט דאס פייער האט אנגעכאפט דעם טור און עס האט אנגעהויבן צו ברענען, פאר גרויס מידקייט האט ער גארנישט געשפירט און אויך זיין בארד האט זיך אנגעכאפט. פלוצים האט זיך דאס פייער פון זיך אפגעשטעלט אינמיטן ספר, שפעטער ווען ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, האט דער יעב"ץ געזען וואס פאר א גרויס נס איז אים געשען, ער האט זיך אומגעקוקט און געזען אז דאס פייער האט זיך אויסגעלאשן ביי דיני „ברכת על הניסים" שו"ע אורח חיים.

עס איז באקאנט אז רבינו הקדוש פלעגט זיך מייחס זיין נאך דעם קנאי בן קנאי רבינו יעקב עמדין זי"ע דער רבי האט געזאגט ביי א שלש סעודות תורה (נדפס בקונטרס חידו"ת וארא תשט"ז) נאכדעם וואס ער האט געברענגט די פלאמעדיגע הייליגע ווערטע פון רבי יעקב עמדין זי"ע, זאגט דארט ווייטער דער רבי זי"ע „ונפלאים ומבהילים הם דברי אדונינו הגאון הקדוש אור עולם הר"ר יעקב עמדין זצוקללה"ה בספרו מגדל עוז שהאריך להזהיר את בניו על כת הש"ץ שהגם שכבר כלתה ובטלה בימים ההם אעפ"כ מזהיר באזהרה יתירה את יוצאי חלציו כי חושש הוא פן ואולי במשך הזמן יקומו הרשעים ההם ועל ישראל ירומו ראש, וכו', ומה נוראים הם דבריו הקדושים שציוה לבנו אפילו אם יהי' יחיד בכל העולם בשיטתו הבהירה וכל העולם ילעגו נגדו גם כן לא יירא ולא יתבטל מפניהם אך יהי' גבור במלחמה מלחמת הקודש וישים פניו כחלמיש ולא ייחת מפני כל"

דער רבי זי"ע שרייבט ווייטער מיט זיין פייערדיגע קנאת אש קודש וזלה"ק: ואנו ממשפחתו ומיוצאי חלציו מקנאי קנאת ה' צבאו—ת ואפילו אם נשארנו יחידים בעולם גם כן על משמרתנו נעמוד ולא נסור מדרך האמת, אך נפרסם אלקותו יתברך.





אויך די מעשה מיטן ספר איז געווען מעשה אבות סימן לבנים, אז מן השמים האט מען געהיטן דעם קנאי בן קנאי משיב חימה בן משיב חימה, מלאך ה' צ' רבינו הקוה"ט זי"ע, אז די קוילען פון די רשעים זאלן אויף אים נישט האבן קיין שליטה, ער זאל ווייטער בלייבען על משמרתו אפצוהיטן דעםפ נייעם דור פון די עבודה זרה פון ציונות וואס האט זיך פארשפרייט מקצה העולם עד קצהו.]

אין די זעלבע נאכט נאך די אבלאווע אין רבי'נס שטוב זענען די אונגארישע סאלדאטן געגנגען צו א איד א אנגרוי סוחר פון פאפיר זיי האבן געהאט מיט אים א חשבון און האבן זיך געוואלט אפרעכענען מיט אים, זיי זענען אריינגעקומען צו אים אין שטוב און האבן אים געשאסן צום טויט אויפן ארט, ח"ו ווען דער רבי זי"ע וואלט געבליבן אין הויז מי יודע וואס די רשעים ארורים וואלטן מיט אים געטאן.

זינט דעמאלט איז דער רבי מער נישט צוריק צו זיין הויז, ער איז געווען באהאלטן אין עטליכע פלעצער ביז צו זיין אנטלויפן פון סאטמאר מיט דעם אויטא פון רויטן קרייץ אזוי ווי מיר וועלען שפעטער דערציילען. דאס באהאלטעניש פון רבי'ן איז געווען א גרויסער סוד און נאר איינציגע ממש האבן געוואוסט וואו ער געפינט זיך. צוויי מאל האט מען נאך געזען דעם רבין אין די עפענטליכקייט ערב פסח ביים מצות באקען, און דערנאך ערב פסח אין די מקוה.

— • —

### קאַפיטל 12.

## הובו בסנוורים מקטן ועד גדול

ערב פסח אינמיטן מצות באקן זענען די רשעים ארורים פלוצים אריינגעקומען אין די בעקעריי, עס איז געווארן א גרויסע







בהלה, דער גאנצער עולם איז זיך צעלאפן און באהאלטן, דער רבי זי"ע איז געבליבן שטיין איינער אליין מיט דעם טייגעל אין די האנט, די נאצים האבען ארומגעזוכט אין אלע זייטן זיי האבן געשימפט און געשריגען אבער צום גרויסן וואונדער האבען זיי נישט באמערקט דעם רבי'ן זי"ע, וועלכער איז געשטאנען נעבן זיי ממש, אלע האבן געזען בחוש דעם גרויסען נס, זעט אוים אז מן השמים האט מען זיי פארבעלנדעט די אויגן, זיי זאלן נישט האבן קיין שליטה אויף רבינו הקדוש זי"ע (הקדמה להגדה של פסח דברי יואל).

אויף פסח האט זיך דער רבי זי"ע געפינען בי ר' שלמה טרעביטש ז"ל וועלכער האט געוואוינט אקעגען איבער דעם רבי'נס הויז און ס'איז געווען א הינטער טירל ווי מ'האט געקענט אריבער גיין דורכן הויף פון זיין הויז צום רבינס הויז. כאטש דאס איז געווען נאענט צום רבי'נס הויז דאך האט דער רבי בשום אופן נישט געוואלט זיין אויף פסח ערגעץ אנדערשוואו, ווייל ער האט נישט געוואלט עסן פסח פון אן אנדערען קאך נאר פון זיין איינענע פסח'דיגע קאך וואס האט געהאט די גרעסטע חומרות און הידורים און וויבאלד דאס הויז איז געווען גאר נאענט האט מען געקענט אריבער ברענגען די מאכלים פון רבי'נס קאך דורך דעם הינטער טירל.

— • —

קאַפּיטל 13.

## די סדר נאכט אין באהעלטעניש

השביעני במרורים. בלילי פסח. (מדרש איכ"ר).

אזוי ווי רבינו הקדוש פלעגט יעדעס יאר האבן ביי די סדר נעכט פילע אורחים האט ער זיך שטארק מצטער געווען אז דאס







יאר וועט ער נישט האבן קיין אורחים אזוי ווי זיין מנהג, נאך שווער מיה האט ער געהאט צו די סדר נעכט איין אורח, הרה"ח ר' לייבעלע גליק נ"י.

די סדרים האט דער רבי געפירט ווי זיין שטייגער מיט גרויס ברען און התלהבות, און טראץ דעם גרויסן צער אין וואס ער איז געווען איינגעהילט צוליב דעם ביטערן מצב און גרויס שרעק האט ער זיך געשטארקט אפצוערכטן די הייליגע סדר נעכט אזוי ווי אלע יאר כדרכו בקדש אן קיין שינוי.

אין די הקדמה צו די הגדה שילדערט דער מו"ל הרה"ח ר' יוסף אשכנזי שליט"א די סדר נעכט „ובליל הסדר של אותה שנה לא היה לרבינו רק אורח אחד על שולחנו, והיה שבור לרסיסים מהמצב הנורא, ועכ"ז נתחזק בגבורה, וערך הסדר לקיים מצות ה' ברה, כדרכו בקודש בכל עת ועונה".

ביים סדר האט דער רבי זי"ע געזאגט א טייטש וואס האט געהאט א שייכות צום מצב, כידוע האט מען קורץ בעפאר פסח ארויסגעגעבן א גזירה אז יעדער איד מוז גיין מיט א געלע לאטע אויף זיינע מלבושים כדי מען זאל אים דערקענען אז ער איז א איד. האט דער רבי זי"ע געזאגט אז דאס קען זיין דער פשט אין די הגדה „מלמד שהיו ישראל מצוינים שם", אז פונקט ווי ביי די רשעים אזוי איז אויך געווען אין מצרים, די מצרים וועלכע האבן געפייניגט די אידן האבן אויף זיי גוזר געווען צו גיין מיט א צייכען אויף זייערע מלבושים אזוי ווי די געלע לאטעס, כדי מ'זאל וויסען און דערקענען אז זיי זענען אידן.

(עי' השמטה בסוף הספר)

— • —





✤ קאַפּיטל 14. ✤

## ❁ וייענונו במה שנאמר! ❁

אינמיטן דעם סדר האט דער רבי זי״ע זיך געשטעלט אויפ'ן קאפיטל „ויענונו כמה שנאמר״, טייטשנדיג מיט א מעשה וואס מען פארציילט אז עס איז אמאל געווען א רב וואס האט נישט געהאט קיין עולם פאר וועמען צו זאגן די שבת הגדול דרשה, האט דער רב געזאגט „במתי מעט״ אויב מיר זענען ווייניג מענטשן עס איז נישטא פאר וועמען צו זאגן, דעמאלט איז „כמה שנאמר״ עס זאל ווערן גערעכנט אזוי ווי מיר וואלטן געזאגט די דרשה, און ער האט נישט געזאגט קיין דרשה. האט דער רבי צוגעגעבן, מיר קענען זאגן „ויענונו״ דאס וואס מיר ליידען צרות מען פייניגט אונז „כמה שנאמר״ זאל גערעכנט ווערן אזוי ווי מיר וואלטן געזאגט די שבת הגדול דרשה (ווייל צוליב די רדיפות האט דער רבי נישט געזאגט א דרשה שבת הגדול אין יענעם יאר)

— • —

✤ קאַפּיטל 15. ✤

## ❁ רגלי חסידיו ישמור ❁

אין צווייטן טאג פסח איז דער רבי זי״ע ארויס פון קעלער וואו ער איז געווען באהאלטן צום הויף, דער רבי איז געווען אנגעטאן מיט א ווייסן קאפטן, פלוצים זענען אנגעקומען די עס עס לייט און ווידער אמאל דורכגעזוכט דעם רבי'נס הויז, ווען זיי האבן גארנישט געטראפן זענען זיי אריבער געקומען צום הויף פון שכן — וואס האט זיך געפונען אונטערן רבי'נס הויז — דער רבי איז געשטאנען מיטן פנים אויסגעדרייט צום גדר און די רשעים זענען אדורכגעגאנגען נאענט צום רבי'ן, די הייז מענטשן וועלכע האבן







פון באהעלטעניש געזען וואס עס טוט זיך, זענען געווען זיכער אז אט וועלן זיי כאפן דעם רבי׳ן, ווייל ס׳איז אוממעגליך געווען אדורכצוגיין דעם חצר און נישט צובאמערקען דער רבי׳ן מיט זיין ווייסען קאפטן וואס האט זיך געזען אויף ווייט, זייער שרעק און צער איז געווען אומבאשרייבלעך, וויסענדיג אז די רשעים זוכען דעם רבי׳ן, אבער ווי ערשטוינט זענען זיי געבליבן ווען זיי האבן געזען אז די רשעים גייען ווייטער און באמערקען אינגאנצען נישט דעם רבין וועלכער איז געשטאנען אינגאנצען געציילטע טריט פון זיי. דא האט מען געזען עין בעין אז השי״ת שיצט דעם צדיק אויף א וואונדערליכן וועג.

אינטערעסאנט ביז גאר איז, מיט יארן שפעטער ווען דער משב״ק הרה״ח ר׳ יוסף אשכנזי נ״י, האט פארן רבי׳ן דערמאנט די עובדא וואס ער אליין האט עס בייגעוואוינט און צוגעגעבן ווי וואונדערליך עס איז געווען אז די רשעים זענען געשטאנען נעבן רבי׳ן און זיי האבן גארנישט געטאן פאר׳ן רבי׳ן, האט דער רבי אים געענטפערט בענוות קדשו „זיי האבן מיך נישט אין אכט גענומען״

אחרון של פסח האבן די דייטשן ימ״ש באפאלען אלע בתי מדרשות און שולען, זייער ציל איז געווען צו געפינען באהאלטענע געווער זיי האבן געהאט א פארדאכט אז די אידן זאמלען אוצרות מיט געווער אין די בתי מדרשים (זיי האבן געהאט ערפארונג פון פוילען וואו די אידן וועלכע האבן רעוואלטירט קעגן די נאצים פלעגן באהאלטן געווער אין ביהמ״ד) זיי האבן געגנישטערט און דורכגעזוכט אלע שטענדערס, אויך צום רבי׳נס ביהמ״ד זענען זיי אנגעקומען, אבער זיי האבן נישט געקענט אויפברעכן די טירן וואס זענען געווען פארשלאסן מיט גאר שווערע שלעסער, און אויך איז געווען דער גדר פון בהמ״ד ארומגענומען מיט שטיקער גלאז וואס האט געמאכט אוממעגליך אריינצוקריכען, האבען זיי זיך מיישב געווען אריינצוגיין פון די אנדערע זייט, און זיי האבן



זיך אריינגעבראכען אין הויז פון ר' שלמה טרעביטש ז"ל. דער רבי זי"ע האט דעמאלט געהאלטן פונקט נאך ברכות השחר ווען די דייטשן זענען אריינגעקומען, דער רבי איז אראפגעלאפן אין בונקער, און פלוצים זענען אריינגעקומען די דייטשען, דער רבי האט געגעבן א שריי „מיר זענען אריינגעפאלן אין די הענט פון די רשעים", אבער די דייטשן האבן גארנישט געטאן פאר קיינעם, ווייל זייער ציל דעמאלט איז געווען צו זוכען געווער נישט קיינע מענטשן.

— • —

קאַפיטל 16.

## ובצל כנפיך תסתירני

עס איז געווען א גרויסער און אפענער נס אז די רשעים ארורים ימ"ש האבן נישט געכאפט דעם רבי'ן זי"ע, ווייל זיי האבן אים געזוכט אן אויפהער, עס איז זיי ממש געגאנגען אין לעבן צו פאנגען דעם רבי'ן, זיי האבען אים געזוכט אין אלע זייטען, וויסענדיג אז דער רבי איז אזוי טייער און הייליג און אנגענומען ביי די גאנצע סאטמארער קהלה, איז זייער ציל געווען אויסצופרעסן פון די קהלה די באהאלטענע פארמעגנס בעפאר זיי פירן אפ די אידן קיין אוישוויץ. אזוי האבן די רשעים געטאן אין אנדערע קהלות זייי האבען גענומען די רבנים און זיי געשלאגן און געפייניגט ביז צום טויט רח"ל אז זיי זאלען הייסן פאר זייערע בעלי בתים ארויסצוגעבן געלט. און ס'איז באקאנט אז עס זענען געווען אידישע מוסרים אין „יודענראט" וועלכע האבן געזאגט פאר די דייטשן, איין מענטש איז פאראן וואס קען באאיינפלוסן די בע"ב ארויסצוגעבן זייער געלט דאס איז דער סאטמארער רב. דערפאר זענען זיי אזוי להוט געווען צו טרעפן דעם רבי'ן אבער יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו, פון הימעל האט מען אים געראטעוועט מיט נסים פון זייערע הענט, זיי האבן נישט געהאט







קיין שליטה אויף אים „כי לא ינוח שבט הרשע על גורל הצדיקים". דער רבי זי"ע איז ארויסגעראטעוועט געווארן פון סאטמאר אין די לעצטע מינוט ממש, 24 שעה בעפאר מ'האט אריבערגעפירט אלע אידן פון סאטמאר אין געטא, אזוי ווי מיר וועלן וויטער דערציילן. ווען די רשעים האבן זיך ארומגעזען אז דער רבי זי"ע איז נישט אין געטא האבן זיין געקריצט מיט די ציין פאר כעס, רשע יראה וכעס שיניו יחרוק ונמס. א אפיציר פון די געסטאפא האט געזאגט צו א אידישע פרוי: אייער רב האט גרויס מזל אז ער האט זיך ארויסגעדרייט פון געטא, מיר האבן גערעכנט אז סוף סוף וועלן מיר אים כאפן.

— • —

### קאַפּיטל 17.

## א שיין פון הצלה

מוצאי יום טוב פסח איז דער רבי אריבער צו א באהעלטעניש אין אן אנדערע געגענט נאענט צו די גאס ווי עס האט געוואוינט

**כי לא ינוח שבט הרשע על גורל הצדיקים**

...דבר מופת אמת אותו הנסיון וכו׳ בעת שהאדם נכנע להשי"ת אז אם יביט בלבו באנשים צדיקים ימתקו מאד בעיניו ובאנשי בליעל המה מגונים מאד בעיניו, וההיפוך בהתרחקותם וגבה לבם שאז יקוצו בצדיקים בטבע אף אם אינו יודע אותם כלל אם הם צדיקים או רשעים **ולפי גודל הטומאה של האיש ההוא כך הוא השנאה** וכו׳.

(ישמח משה פ׳ בלק).






כ"א כסלו תשמ"ה

דער ביקסאדער רבי זי"ע, דער רבי איז געווען באהאלטן אין הויז פון ר' אברהם לעווי ז"ל, און ממש קיין איינער פון דערויסן האט נישט געוואוסט וואו דער רבי געפינט זיך. דעמאלט האט מען שוין געזען אז דער מצב איז נורא ואיום, און דעם רבי'נס נאענטע האבן אנגעהויבן צוזוכען וועגן ווי אזוי ארויסצופירן דעם רבין פון סאטמאר. ליידער זענען אלע הצלה וועגן פארשפארט געווארן, ווען מ'האט אין ג' לחדש אייר באפוילען אויפצושטעלן דעם געטא אין סאטמאר, מ'האט צוגענומען פון אידן די טעלעפאנען און קארס, און עס איז פארבאטען געווארן זיך ארומצודרייען אין די גאס אויסער עטליכע באשטימטע שעה'ן, אלע פארבינדונגען מיט די אויסערליכע וועלט זענען אפגעשטעלט געווארן, עס איז נישט געווען קיין שום מבוא צו הצלה. אבער די חסדים פון באשעפער זענען אן קיין גבול, אין די לעצטע רגע ווען עס האט אויסגעזען אז ס'איז ח"ו פארפאלן איז געעפנט געווארן א וועג פן הצלה פאר רבינו הקוה"ט זי"ע, די השגחה עליונה האט צוגעשיקט די ריכטיגע שלוחים אין די סאמע לעצטע רגע. מיר וועלן דערציילען דברים כהווייתן אריגינאל אזוי ווי עס האט דערציילט הגה"צ ביקסאדער רבי שליט"א וועלכער איז געווען מיט רבי'ן זי"ע פון די רגע וואס זיי האבן פארלאזט סאטמאר ביז דער רבי איז אפגעפארן פון קלויזנבורגער געטא, והכי הוה עובדא:

— • —

קאַפּיטל 18.

# אין דער לעצטער מינוט

אין יענע קריטישע טעג איז געקומען צום ביקסאדער רבי'ן זצ"ל הר"ר לייבעלע ראפאפארט ז"ל מיט הר"ר קלמן ווייס ז"ל און זיי האבן פארגעשלאגען אים צוראטעווען פון סאטמאר אויף א באהאלטענעם אופן, זיי האבען געהאט פארבינדונגען מיט א







אונגארישען אפיציר וועלכער האט פאר א גרויסע סומע באוויליגט אריבער צופירן א גרופע פון 10 אידן מיט א אויטא פון רויטען קרייץ פון סאטמאר קיין קלויזענבורג.

די אידן וועלכע האט געטאן אין די הצלה האבן געזאגט פארן ביקסאדער רבי'ן אז זיי פראבירן זיך צו פארבינדן מיטן רבי'ן זי"ע, אז אויך ער זאל זיך באטייליגען אין די נסיעה. דעם ביקסאדער רבי'נס עלטערער זון הי"ד האט געזוכט א וועג אויסצוגעפינען ווי דער רבי איז אויסבאהאלטן, ער האט זיך פארבינדן מיט ר' פייבוש אשכנזי ז"ל און אים צוויסען געטאן וועגן דעם הצלה פלאן, ר' פייבוש האט אים צוגעפירט צום רבי'נס באהאלטעניש, און נאך קווענקעלנישן האט דער רבי זיך געלאזט איבעררעדן און מסכים געווען מיטצופארן מיט די שיירא.

אזוי ווי ס'איז שוין געווען אין קראפט די גזירה אז אידן טארן נישט גיין אין גאס נאר געציילטע שעה'ן אין טאג איז אויספלאנירט געווארן אז די וועלכע דארפן פארן מיט די רויטע קרייץ אויטא זאלן זיך צוזאם קומען נאכמיטאג, אין די צייט ווען ס'איז ערלויבט צו גיין אין גאס. דער צוזאמענטרעף פונקט איז באשטימט געווארן אין הויף פון ר' הערש בער בערגער וועלכער האט געהאט א גרויס הויף וואו מ'האט געקענט אריינקומען פון צווי גאסן, עס איז איינגעטיילט געווארן אז א טייל מענטשן זאלן קומען פון איין גאס און א טייל פון די אנדערע גאס. כדי עס זאל זיך נישט באמערקן אינדערוויסען א גרויסע באוועגונג וואס קען ערוועקן חשד.

דער רבי זי"ע איז אנגעקומען צום באשטימטן פלאץ נאכמיטאג פארשטעלט מיט אנדערע מלבושים, אן אנצוג געמאכט פון ציגען האר (וואס האט נישט א חשש פון צמר) א פאלושענער הוט פון א אנדערן נישט קיין שווארצען קאליר. דער ביקסאדער רבי זצ"ל איז אויך אנגעקומען פון די אנדער גאס און אזוי האבן



זיך פארזאמלט אלע מיטפארערס. עס איז באשטימט געווארן ארויסצופארן פון סאטמאר ביינאכט נאך 10 אזייגער, דער פלאן איז געווען אנצוקומען קיין קלויזענבורג ארום 4 פארטאגס.

— • —

קאַפיטל 19.

## מי ומי ההולכים

מיט די גרופע האט געדארפט מיטפארן א איד מיטן נאמען ר׳ יוסף מאיר גליק ז״ל, וועלכער האט גוט געקענט די שטאט קלוזענבורג, עס איז געווען פלאנירט אז ר׳ יוסף מאיר וועט ווייזען פארן דרייווער דעם וועג צום הויז פון ר׳ ירמי׳ טעסלער ז״ל וועלכער האט געוואוינט אין קלויזנבורג, פון קלויזענבורג איז געווען גאר נאענט צו די רומענישער גרעניץ, אינגאנצען צווי י דריי קילאמעטער, האבען זיי געטראכט אריבערצושווערצן די גרעניץ קיין רומעניע, וואס איז נישט געווען אקאפירט פן די דייטשן ימ״ש.

לויטן פלאן האבן געדארפט פארן ארום צען מענטשן אריינגערעכנט די רעביצין תליט״א הר״ר יוסף אשכנזי שליט״א די קינדער פון ביקסאדער רבי׳ן וכו׳. און אויך ר׳ יוסף מאיר גליק דער וועג ווייזער אין קלויזנבורג. דא האט זיך געמאכט א פראבלעם, ווען די אויטא איז אנגעקומען, און די גרופע האט אנגעהויבן אריינצוגיין אין די אויטא האט זיך ארויסגעשטעלט אז עס זענען צוגעקומען א סאך אנדערע מענטשען, וועלכע זענען נישט געווען אריינגערעכנט, און אנשטאט ארום 10 מענטשן וואס קענען געווענליך פארן מיטן אויטא, זענען געווען אריבער צוואנציג מענטשן, עס האט זיך אנגעהויבען א געדרענג א שטופעריי, מענטשן האבן זיך געראנגלט און געשלאגן זיך אריינצובאקומען אין אויטא.



ווען ר׳ יוסף מאיר גליק האט געזען די שטופעריי האט ער זיך מיישב געווען און האט זיך אין א זייט געצויגען, ער איז געווען פון נאטור א בעסערער מענטש און האט זיך נישט געוואלט שטופען מיט כח. אזוי ווי ס׳איז שוין דעמאלט טונקל געווארן, האט מען נישט געקענט זען „מי ומי ההולכים" ווער עס זענען די פארערס.

— • —

קאַפּיטל 20.

## יוסף איננו

דער רויטער קרייץ אויטא וואס איז געפירט געווען פון צוויי מיליטערישע אפיצירן האט זיך גענומען פארן, עס איז געווען טונקעל אין די אויטא, ווען מ׳האט געוואלט וויסען צו יעדער געפינט זיך אין די אויטא האט מען געזאגט יעדער זאל זיך אנרופען מיטן נאמען, ערשט דעמאלט איז מען געוואויר געווארן אז „יוסף מאיר איננו" דער וועג ווייזער איז אראפגעבליבען, האט מען שוין געזען דעם בראך, זיי זענען אלע געווען פרעמדע מענטשן אין קלויזנבורג, קיין איינער האט נישט געקענט די גאסן פון קלויזענבורג, וואס וועט יעצט זיין, מ׳קומט אן אין א פרעמדע שטאט פול מיט דייטשע סאלדאטן וועלכע לאקערן אויף אידן, וואס וועלן זיי יעצט טאן? ווי וועלן זיי גיין?

די פרייז פאר די נסיעה איז געווען זייער הויך, די סומע פון דרייסיג טויזענט לעי, וואס איז געווען א ריזיגער סכום אין יענע צייט. אינמיטן וועג האבן די אפיצירן געפאדערט דאס געלט האט מען זיי אלץ געשטרעקט א חלק פון די סומע.

נאך א נסיעה פון זעקס שעה זענען זיי אנגעקומען נאענט צו קלויזענבורג, יעצט האט זיך דער דרייווער געווענדט צו די מיטפארערס און געפרעגט ווער וועט מיר ווייזען ווי איך זאל צופארן? קיינער האט נישט געענטפערט, זיי האבען נישט געהאט





א אנונג וואו עס געפינט זיך די גאס ווי עס וואוינט ר׳ ירמי׳ טעסלער.

אין דעם זעלבן טאג ווען די גרופע איז ארויסגעפארן פון סאטמאר האט מען אין קלויזענבורג אנגעהויבן צוזאם צו זאמלען די אידן אין געטא.

עס איז געגאנגען מיט א סיסטעם יעדן טעג אן אנדער גאס, די גרופע פון רבי׳ן און ביקסאדער רבי האבן אינגאנצן נישט געוואוסט דערפון אז מ׳נעמט שוין צוזאם די קלויזענבורגער אידן אין געטא.

— • —

קאַפּיטל 21.

## דער רבי אין געפענגעניש

דער אויטא האט זיך גענומען פארן אין די קלויזענבורגער גאסן אן צווויסען וואו אהין צופארן, די צוויי מיליטערישע אפיצירן וועלכע האבן געזען אז די פאסטזשירן ווייזען נישט דעם וועג, און זיי דרייען זיך ארום אין קלויזענבורג אן צווויסן ווי אהין זיך צו ווענדן, זענען זיי געווארן זייער נערוועז. נאך ארומפארן א שטיקל צייט האט זיך דער אויטא אפגעשטעלט און זיעי האבן געגעבן א באפעל אז אלע זאלן פארלאזן דעם אויטא.

די פארערס האבן נישט געוואלט ארויסגיין זיי האבן געזען אז אלע גאסן זענען באלאגערט מיט פאליציי האבן זיי פארשטאנען אז ס׳איז א גרוים געפאר ארויסצוגיין.

די אפיצירען זענען געווארן שטארק אומגעדוליג זיי האבן מורא געהאט אז מען וועט זיי כאפן בי די מעשה, אויך האבן זיי



זיך געאיילט צוריקצופארן קיין סאטמאר וואו זיי האבן געהאט א צווייטען טראסנפארט אידן אויף די קומענדיגע נאכט. האבן זיי ארויסגענומען רעוואלווערס און אויסערופען אויב איר שטייגט נישט ארויס פונעם אויטא הייבען מיר אן צו שיסן.

באין ברירה זענען זיי ארויסגעשטיגען און געבליבן מיט די פעקלעך אינמיטן די גאס אין די טונקעלניש פון די נאכט. אויך פונעם דאך פון אויטא איז פלוצים אראפגעקראכן א בחור וועלכער האט זיך אין סאטמאר ארויפגעכאפט אויפ'ן דאך און איז מיטגעפארן דעם גאנצען וועג ביז קלויזענבורג א נסיעה פון זעקס שעה אויפ'ן דאך פונעם אויטא, אויך ער איז יעצט אראפגעקומען און מיט געגאנגען מיט די גרופע.

די גרופע וועלכע האט געציילט נאענט צו 20 מענטשן האט זיך צעטיילט כדי נישט צוערוועקען קיין פארדאכט. דער ביקסאדער רבי דערציילט: דער טאטע זי"ע, די מאמע, מיינע ברידער און שוואגער, און איך זענען מיטגעגאנגען מיט'ן רבי'ן זי"ע. דער רבי איז צו געגאנגען צו יעדן הויז און אין די געדיכטע פינסטערניש האט ער אנגעטאפט דעם טויער און געזוכט מיט זיינע הענט צו ס'איז דא א מזוזה א סימן אז עס וואוינט דא א איד און מ'וועט קענען אריינגיין, אזוי האט מען זיך געדרייט אין די טונקעל ארום א האלבע שעה ביז ס'איז טאג געווארן. גלייך האט די פאליציי אונז באמערקט און אונז געטראגן צו די פאליציי סטאנציע, זיי האבען געכאפט אין די גאסן פון קלויזעבורג אונזער גאנצע גרופע און אלע געברענגט אין די פאליציי סטאנציע, דעם טאטן (דער ביקסאדער רבי זצ"ל) האבן זיי געוואלט אריבער פירן אין שפיטאל זעענדיג ווי שוואך ער איז, אבער ער האט בשום אופן נישט געוואלט גיין אין שפיטאל, האבען זיי אים איינגעארדענט א בעט אין תפיסה.

אונז אלע האט מען אריינגעזעצט אין די תפיסה, דאס איז







געוועזן מיטוואך פארמיטאג. אין קלויזענבורג האט קיין שום איד נישט געוואוסט אז דער רבי זי"ע געפינט זיך אין די תפיסה.

— • —

קאַפּיטל 22.

## די הייליגע צורה שיינט ארויס פון אונטער די גראטעס

די ארעסטאנטען האבען געזוכט אן עצה ווי אזוי זיי זאלן צעוויסן טאן פאר די קלויזנבורגער אידן אז דער רבי, דער ביקסאדער רבי, און זייערע באגלייטער זענען אין תפיסה.

אויב וואלטן די אידן אינדערויסען זיך דערוואוסט וועגען זייער ארעסט וואלטן זיי זיכער נישט גערוהט און געטאן אלע שתדלנות זיי צובאפרייען.

ארומקוקענדיג זיך אין תפיסה קאמער האבען זיי געזען דורך דעם קליינעם הויכען פענסטערל אין א הויז א קעגענאיבער די תפיסה אויפן צווייטען שטאק דרייט זיך ארום א איד, זיי האבן אים דערקענט לויט די געלע לאטע וואס ער האט געטראגען, האט מען זיך דערטראכט אן עצה אז דער רבי זי"ע זאל זיך שטעלן מיט פנים צום פענסטער, און דארט שטיין ביז דער איד אקעגנאיבער די גאס וועט אים באמערקען, ער וועט זיכער דערקענען אז דאס איז דער סאטמארער רב, און וועט מודיע זיין אין די שטאט. דאס פענסטער איז אבער געווען זייער הויך האט מען זיך בארעכנט אז ר' יוסף אשכנזי זאל זיך אויפשטעלן אויף א בעט וואס איז דארט געשטאנען, און דער רבי וועט זיך אויפשטעלן אויף ר' יוסף'ס פלייצעס אזוי ארום וועט דער רבי גרייכען ביז צום פענסטער, וכן הוה דער רבי זי"ע האט



אויפגעשטעלט אויף די אקסלען פון זיין געטרייען גבאי און האט זיך געשטעלט מיטן פנים צום פענסטער.

עס איז נישט אריבער א לאנגע צייט און דער איד אויפן צווייטן שטאק האט באמערקט די הייליגע צורה פון רבי'ן וואס האט ארויסגעשיינט פונם פענסטערל פון תפיסה קאמער, ער איז פארבליבן ווי פארגליווערט צוזענדיג ספר תורה שרוי בצער, דער איד האט געמאכט סימנים פארן רבין ער האט גערדרייט מיטן קאפ צוווייזען אז ער האט באמערקט, און איז געלאפן אנזאגען די נייעס אין שטאט, גלייך האבן אנ"ש אין קלויזנבורג פראבירט צו אינטערוועניירן אבער ס'האט גארנישט געהאלפן.

אינטערעסאנט אז איין פרוי וועלכע איז מיט געפארן מיט דעם רויטען קרייץ אויטא האט זיך יא אדורכגעכאפט דורך די פאליציי און איז אנגעקומען צו א אידיש הויז, דאס איז געווען די מוטער פון ר' יוסף מאיר גליק, וועלכער איז אליין אראפגעבליבן פון די גרופע, אין אנדערן אווענט איז דער זעלביגער אויטא ווידער ארויסגעפארן פון סאטמאר מיט א גרופע אידן צווישען זיי אויך ר' יוסף מאיר גליק, זיי זענען אנגעקומען קיין קלויזנבורג און ר' יוסף מאיר איז געגאנגען צו די פאליציי און ערלעדיגט אז זיין אכט יעריג אינגעל וועלכער איז אויך געווען צווישן די ארעסטירטע זאל באפרייט ווערן, אבער פאר די אנדערע ארעסטאנטען האט מען גארנישט געקענט ערלעדיגן, אזוי זענען אדורך געלאפן מיטוואך און דאנערשטאג.

פרייטאג איז די שטאט באמבארדירט געווארן דורך עראפ־לאנען, צוליב די באמבארדירונג האט מען זיי אריבערגעפירט אין בונקער פון די תפיסה, דארט האבן זיי זיך באגעגענט מיט א סאך היימישע אידן וועלכע זענען געכאפט געווארן אויף די רומענישע זייט און זענען צוריק געברענגט געווארן קיין קלויזנעבורג.

פרייטאג נאכמיטאג א שעה פאר ליכט בענטשן האט מען



ארויפגעלייגט אלע אידן פון תפיסה אויף א לאסט אויטא און זיי אפגעפירט אין אידישן געטא.

— • —

קאַפּיטל 23.

## איז קלויזענבורגער געטא

דער געטא איז געווען אויסער די שטאט אין א געוועזענע ציגעל פאבריק, מ'האט פלאצירט די אידן אין באראקן וואס האבן געהאט נאר א דאך אן קיינע ווענט. דאס איז געווען ספעציעל געבויט אז די ציגעל וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט אין די באראקען זאלען זיך טריקענען פון די זון, אויך האבן די באראקען נישט געהאט א בריק (פאדלינע) נאר א זאמדיגע בריק ווען ס'האט גערעגענט איז מען געזינקען אין בלאטע.

אין די באראקען זענען פלאצירט געווארן ארום זיבעצען טויזנט אידישע נפשות אנשים נשים וטף אין גרויס ענגשאפט. אין יעדן באראק זענען צוזאמענגעשטופט געווארן ארום 50 משפחות.

אין איינעם פון די באראקען איז אויך אנגעקומען דער רבי זי"ע להבחל"ח די רעבעצין תחי' און ר' יוסף אשכנזי, אויך דער ביקסאדער רבי שליט"א, איז געווען אינאיינעם מיטן רבי'ן, ער האט ביי א געלעגנהייט געשילדערט באריכות די טעג אין געטא און די התנהגות פון רבינו הקדוש ווי פאלגענד:

„מיר זענען אנגעקומען אין געטא פרייטאס פארנאכטס, מיר זענען אריין אין באראק, מיר האבן נישט געהאט מיט זיך קיין זאכן, האט א אשה חשובה געברענגט טישטיכער און ליילעכער און מ'האט דערפון געמאכט ווענט אין באראק פאר'ן רבי'ן און די וועלכע זענען מיטגעווען איך, מיין עלטערע ברידער, ר' יוסף, און אויך דער בחור וואס איז מיטגעפארן אויפ'ן דאך פונם אויטא. די





נשים האבן געהאט אן עקסטער ווינקעל אפגעטיילט מיט ליילעכער.

דארט האבן מיר געדאווענט און מקבל שבת געווען, מ'קען זיך פארשטעלן ווי אזוי דאס האט אויסגעזען אין דעם שפל'דיגן מצב וואס מיר זענען געווען.

קידוש האט דער רבי געמאכט אויף צוויי ברייטלעך און דאס איז אויך געווען די סעודה, מען האט געברענגט א קישען מיט א דעק און מיר האבן זיך געלייגט שלאפען אויף די הוילע ערד.

— • —

קאַפּיטל 24.

## דעם רבי'נס התנהגות אין געטא

**וישכב במקום ההוא** אבל כל י"ד שנה שהיה בבית עבר לא שכב ומה היה אומר וכו' כל ספר תהלים היה אומר יאמר נא ישראל (מדרש רבה)

דער ביקסאדער רבי דערציילט „איך בין אויך געווען אונטער דעם זעלביגען איבערדעק, דער רבי האט זיך אראפגעלייגט אבער איז ער דען געשלאפן? א גאנצע נאכט איז ער אויף געווען, ווען כ'האב געקוקט אויף אים איז ער געווען אויף, אזוי איז געווען די גאנצע פאר וואכען וואס כ'בין געווען מיט'ן רבי'ן אין געטא, ער איז נישט געשלאפן, ער האט אלס געמורמלט מיט זיינע ליפן שטילערהייט, ער איז אלס געווען פארזינקען אין זיינע הייליגע גאדאנקען און געדינט השי"ת מיט מסירות נפש אן אויפהער.

עטליכע טעג שפעטער האט מען געברענגט פארן רבי'ן א צוזאמליייג בעטל איך בין געשלאפן צוקאפענס פון רבין, דער רבי





איז געלעגן אויף דעם בעטל אבער ווען מיר זענען געווען אויף — אנפאנג נאכט — אינמיטן נאכט — אדער ענדע נאכט — איז דער רבי געווען אויף, איך האב אים קיינמאל נישט געזען שלאפן די גאנצע צייט. ער איז געווען שטענדיג פארטיפט אין זיינע הייליגע געדאנקען געפירט זיין הייליגע עבודה".

דער רבי זי"ע האט נישט געגעסן קיין שום געקעכץ פון די קאך ער האט זיך באגענוגט מיט לחם צר און א ביסל קארטאפעל, דער רבי האט געזארגט פאר די חרדישע אידן עס זאל איינגעפירט ווען א כשר'ע קאך, דער רבי האט זיך אנגעשטרענגט מיטן גאנצען כח צו באאיינפלוסען די אנפירערס פון די אלגעמיינע קאך זיי זאלען איינפירן אן עקסטער קאך פאר די וואס עסן כשר. ער האט זיך פיל געמוטשעט ביז דער רבי האט זוכה געווען דורכצופירן און עס איז אויפגעשטעלט געווארן די כשרע קאך דער אנפירער פון די כשר'ע קאך איז געווען ר' ירמי' טעסלער ע"ה, וועלכער האט פיל ארויסגעהאלפן די רבנים און אפגעהיטענע אידן זיי זאלן קענען באקומען רויע קאטאפעל און זיך אליין אפקאכען אין זייערע אייגענע טעפ.

— • —

קאַפיטל .25

# ויירא ויצר לו

דער מצב אין געטא איז געווען אומדערטרעגליך, מ'האט נישט געזען קיין שום עפנונג פון הצלה, דער רבי זי"ע איז געווען שטארק פארזארגט און אויף זיין הייליג פנים האט זיך אנגעזען גרויס צעבראכנקייט צוליב צרות ישראל.

ווען איינער פון די מקורבים האט געוואגט צופרעגן דעם רבין „אם בארזים נפלה שלהבת מה יעשו איזובי קיר" אויב דער רבי איז אזוי צוגעלייגט וואס זאלן מיר זאגן? האט דער רבי אים







געענטפערט: מיר געפונען ביי יעקב אבינו אז השי"ת האט אים צוגעזאגט אים צוהיטן, טא פארוואס האט ער אזוי מורא געהאט פון עשו, אזוי ווי דער פסוק זאגט ויירא יעקב מאד וייצר לו ויחץ וגו'. נאר יעקב אבינו האט אונז געלערנט אז ווען עס איז דא א הסתרת פנים איז מען מחויב צו זוכן אן עצה ניצול צו ווערן, יעקב אבינו האט געוויזן פאר אונז אז מען דארף זיך גרייטען לדורון לתפלה ולמלחמה. דאס זעלבע דארפן מיר זיך פירן אין די בחינה פון ויירא יעקב, ווייל די הסתרת פנים איז זייער גרויס, דאס איז זיכער אז עס וועט קומען די ישועה פאר כלל ישראל פון די הסתרה, אבער ווער ווייסט ווער עס וועט זוכה זיין צו דערלעבן די ישועה, וויפיל פורעניות וועלן קומען ביז דעמאלט, וויפיל אידן וועלן זיין קרבנות צו די הסתרת פנים. (זכור ואל תשכח).

אין די ביטערע טעג האט דער רבי זי"ע געזאגט ווער ווייסט אפשר וואלט בעסער געווען איך זאל בלייבן אין סאטמאר, דער רבי האט כמעט ווי פארגעהאלטן פאר די וועלכע האבן אים צוגערעדט צו אנטלויפן פון סאטמאר, אפשר וואלט בעסער געווען אינדערהיים, דארט זענען מיר כאטש געווען אין א שטוב, דא געפינט מען זיך אין אזעלכע שרעקליכע באדינגונגען, עס איז אויך געפונען געווארן א פאסט קארטל וואס דער גבאי ר' פייבוש ע"ה האט געשיקט קיין סאטמאר אז מ'זאל למען השם זען צוריק צוברענגען דעם רבי'ן קיין סאטמאר ווייל דער מצב אין קלויזענבורג איז איום ונורא.

— • —





## קאַפּיטל 26.

# איכבה אוכל וראיתי באבדן מולדתי

מי מנה עפר יעקב ומספר את רובע ישראל, מי מנה כמה מבני ישראל שנשרפו עד שנעשו עפר לאלפים ולרבבות ומספר את רובע ישראל היינו מי יוכל לספור כמה שנחתכו בחייהם לארבעה רבעים (ישמח משה פ' נצבים קל"ח ע"ד)

ווער קען דען משיג זיין דעם צער די ווייטאג פון רבינו הקדוש דער געטרייער פאסטוך, וואס האט צענדליגער יארן זיך געפלאגט און אויפגעשטעלט צבאי צבאות טויזענטער תלמידים וועלכע ער האט ליב געהאט אהבת נפש אזוי ווי דער רבי זי"ע שרייבט נאך פאר די מלחמה שנת תרצ"ב „גודל קושי הפרידה כפרידת צפורן מן הבשר מאנשי ארץ מולדתי אשר אתם עמם נתגדלתי, והתלמידים החביבים שמכותלי בית מדרשי אשר נפשם קשורה בנפשי" (דברי יואל ח"א מכתב צ"ט).

דער רבי זי"ע איז געווען ברומו של עולם און געפירט א מלוכה. ער האט געטאן בכל כוחו צוהייבען כבוד שמים און צו שטארקען דעם כח התורה. און יעצט זענען זיי נעבעך פארברענט געווארן און גע'הרג'ט געווארן מיט אלערליי מיתות משונות על קידוש השם הגדול והנורא. ווי איז די פעדער זאל שילדערן דעם צער פון א רבי – א טאטע וואס זיין נפש גייט אויס פאר זיינע תלמידים הקרויים בנים, ווען ער זיצט איינגעשפארט אין לאגער, און ווייסט אז אין דער זעלבער צייט פליען די וואגאנען געפאקט מיט טויזנטער טויזענטער אידן צו די קאלך אויבנס אין אוישוויץ.





דער רועה ישראל הנאמן וואס שטענדיג האט ער געוויטאגט מיטגעפילט יעדן יחיד׳ס צער און ווייטאג איז זיין הייליג הארץ פול געווארן מיט ווייטאג פון צרות ישראל. ער האט מיט געלעבט דעם צער און יסורים פון אידישע קינדער, ער האט געזען וויפיל עגויים צרות און יסורים מען מאכט אן פאר טייערע אידן, מען רייסט זיי אוים די בערד די פיאות דעם צלם אלקים ווי מורא׳דיג זענען די הייליגע ווערטער פון ישמח משה (פ׳ נצבים קל״ח ע״ג) ווען ער קלאגט אויף צרות ישראל זאגט ער וועגן די גזירה פון שערן די בערד, דער מאמר חז״ל (שבת דף י״ג ע״ב) אין בשר המת מרגיש באיזמל דהיינו שצריך להיות מת ורשע מי שלא ירגיש כאב האיזמל מגלח זקנם של עם הקדוש המרמזות לי״ג תקוני דיוקנא י״ג מכילין דרחמי אשר עליהם נשען כל בית ישראל״. דער ישמ״מ קלאגט דארט שאחינו בני ישראל נלקחו בכל עיר ועיר קשורים ואסורים בחבלים ועבותות וכו׳.

שפעטער האט מען ארויף גערופען אלע נגידים פון די שטאט צו די פאליציי, עס איז געגאנגען לויט א באשטימטען סדר, דארט האט מען זיי געפייניגט און צוזאם געשלאגען און דערנאך צוריק געפירט אין געטא אויף בעטלעך, צעבלוטיגט און צעהרג׳עט, ווען דער רבי האט דאס געזען האט ער געזאגט איך זע אז איך האב יא גערארפט אנטלויפן פון סאטמאר. ווייל ווען דער רבי בלייבט אין סאטמאר וואלטן די רשעים ח״ו זיכער מיט אים אזוי געטאן.

— • —

קאַפיטל .27

## דער רבי היט אויף זיין דיוקנא קדישא

דהא כל זמנא דבר נש קאים בעלמא כל
אינון בריין דעלמא זקפין רישא ומסתכלין

בדיוקנא עילאה דבר נש כדין כלהו דחלין וזעין מקמיה וכו׳ דניאל לא אשתני דיוקניה כד אפילו ליה בגובא דארייוותא ובגין כך אשתזיב וכו׳, דהא ההוא דיוקניה דבר נש זכאה איהו מלאכא ממש דסגיר פומא וקשיר לון לנטרא ליה דלא יחבלון ליה (זוה"ק וישב קצא).

[ווילאנג דער מענטש לעבט הייבען אלע באשעפעניש אויף זייער קאפ און קוקען אן די הייליגע צורה פון מענטשן, דעמאלט פארכטן זיי זיך און ציטערן פאר אים דניאל איז זיין צורה נישט פארענדערט געווארן ווען מ׳האט אים אריינגעווארפן אין לייבן גרוב דערפאר איז ער ניצל געווארן. די צורה פון א צדיק איז אן עכטער מלאך וואס פארשליסט זייער מויל און בינדט זיי צו, צוהיטן זיי זאלן אים נישט שלעכטס טאן].

א קאפיטעל פאר זיך איז דאס מסירות נפש פון רבינו הקדוש אפצוהיטען אויף זיין דיוקנא קדישא די בארד. אין די באדינגונגען פון געטא איז דאס געווען ממש אן אוממעגליכע זאך, די רשעים ימ"ש האבן שטארק קאנטראלירט דאס ריינקייט, אין האבן בשום אופן נישט געלאזט וואקסן א בארד. אויב האבן זיי געכאפט א איד מיט א בארד האבן זיי זיך איזדיעקעוועט איבער אים און ארויסגעריסן די בארד מיט די גרעסטע ברוטאליטעט, אז ער איז קוים ארויסגעקומען לעבעדיג פון זייערע הענט, און טיילמאל פלעגן זיי אים אויפן ארט שיסן. דער רבי איז שטענדיג געגאנגען ארומגעהילט מיט א טיכעל אויפן פנים, עס האט אויסגעזען אזוי ווי ער וואלט געליטען פון ציין ווייטאג, אזוי האט ער פארדעקט די דיוקנא קדישא, די מקורבים האבען שטענדיג געציטערט וואס וועט זיין אויב די נאצים וועלן ענטדעקן אז דער רבי האט א בארד.



דער ביקסאדער רבי שליט"א דערציילט „מאנטאג נאכדעם וואס מיר זענען אנגעקומען אין געטא, איז געקומען א דייטשער עס עס א רשע עריץ צו קאנטראלירן די ריינקייט אין געטא, ער איז אדורך געגאנגען פון באראק צו באראק און דורכגעקוקט אלעס, מיר האבן שטארק געציטערט עס איז געפאלען א מורא'דיגער פחד „וואס טוט מען יעצט?" ער וועט זען דעם רבי'ן מיט די בארד, עס קען ח"ו זיין דאס ערגסטע. דער רבי איז געזעסן אויף א בענקל און שטיל געשוויגען, נעבן אים איז געזעסן א איד פון ניגרעשט מיט א שער מאשינדל אין האנד גרייט אפצושערן די בארד אויב מען וועט מוזען, דער גבאי ר' יוסף איז ארויסגעלאפן פון באראק, ס'האט אים זייער וויי געטאן, ער האט דאס נישט געקענט צוקוקען, עס האט אויסגעזען אז מען מוז אפשערן, דער רבי זי"ע האט געווארפן פארבען און גארנישט גערעדט, האב איך מיר אנגערופען דער רשע איז דאך נאך אין צווייטן באראק, עס וועט נאך דויערן ביז ער וועט אנקומען ביז צו אונז, לאמיר נאךווארטן א פאר מינוט.

עס זענען א דורך געציילטע מינוטען און מ'איז אונז געקומען זאגן אז דער דייטש ימ"ש איז זיך אוועק געגאנגען ער איז מער נישטא. עס איז נישט צובאשרייבן די שמחה פון רבינו הקדוש אז ער איז געבליבן מיטן צלם אלקים.

— • —

✤ קאַפּיטל 28 ✤

# ❁ מן הפח אל הפחת ❁

יעדן פרייטאג צו נאכטס נאכן עסן האבן מיר זיך צוגעשארט אין די טונקעל צום רבי'נס פלאץ אין באראק און מיר האבן צוזאמען פארברענגט און געשמועסט. עס איז שוין געווען צוועלף ביינאכט ווען פלוצים איז אריינגעלאפן די פאליציי אין באראק.





כ״א כסלו תשמ״ה

ומעשה שהיה כך היה אין געטא איז געווען פארבאטן ארויסצוגיין ביינאכט פונעם באראק, אין יענעם פרייטאג צונאכטס האט דער פאליציי אין געטא באמערקט א פערשוין וואס דרייט זיך ארום אין הויף אין די טונקעלניש פון די נאכט, זיי האבן אים געהייסען בלייבן שטיין, ער האט נישט געפאלגט און איז אריינגעלאפן אין אונזער באראק, זיי זענען אים נאכגעלאפן אים צוכאפן זענען זיי אריינגעלאפן אין אונזער באראק. די פאליצי לייט האבען אנגעצונדען א לעמפל און אים ארומגעזוכט, פלוצים האבען זיי אונז באמערקט זיצענדיג צוזאמען א גאנצע גרופע מענטשן, דער עס מאן האט ארויפגעלויכטען אויף אונז, און דערזענדיג ארום צען מענטשן צוזאמען האט ער אויסגעשריגן ווער ווייסט וואס זיי פלאנירן דא! זיי ווילען ארגאניזירן א מרידה קעגען אונגארן דאס איז א באנדע שפיאנען, זיי האבן צוגערופן נאך פאליציי אלץ פארשטארקערונג, און אויף אונז האבן זיי געשריגן קיינער זאל נישט וואגען צו רעדן א ווארט, זיי האבן געוואלט פארזיכערן אז מען וועט זיך נישט אפשמועסן וואס צו ענטפערן ביי די אויספארשונג.

דער רבי זי״ע האט דאך נישט פארשטאנען וואס זיי זאגן האט ער אלס געפרעגט ר׳ יוסף׳ן „וואס זאגן זיי״, און ר׳ יוסף האט אים נישט געקענט ענטפערן ווייל עס האט געדרויעט דאס ערגסטע, האט ער געזאגט פארן רבי׳ן „נו״, און געוויזן אויפ׳ן מויל , דער רבי האט ווידעראמאל געפרעגט, וואס זאגט ער? ביז ר׳ יוסף האט אים מרמז געווען אז אסור לדבר! איז דער רבי שטיל געבליבן.

זיי האבען אונז געהייסן שטעלן אין א רייע און דער רבי אויך מיט אונז, און האבען אונז אפגעפירט צו די פאליציי סטאנציע וואס האט זיך געפונען אויסער די מויערן פון געטא.

מיר האבן ווידער אנגעהויבן צו ציטערן וועגן די דיוקנא קדישא פון רבי׳ן, ווער ווייסט וואס זיי וועלן אים טאן ווען זיי







וועלן דערזען זיין בארד. ווען מיר זענען אנגעקומען צו די פאליציי האט מען אונז געהייסן שטיין אויסגעדרייט מיטן פנים צו די וואנט, מיר שטייען אלע מיט די פנימ'ער צו די וואנט און ווארטען מיט גרויס שרעק ווער ווייסט וואסווארט אויף אונז? זיי זענען געגאנגען מעלדן פארן הויפט אפיציר וועלכער איז דעמאלט געווען פארזינקען אין א טיפען שלאף זיי האבן אים אויפגעוועקט און דערציילט וואס זיי האבן געכאפט, ווארטענדיג אויף זיין באפעל וואס צו טאן מיט די געפערליכע שפיאנען וועלכע מ'האט געכאפט ביי די מעשה. דער פריץ האט זיך גענומען שרייען אויף זיי מיט קולי קולות, ווענען די אידן וועקט איר מיך אויף פון שלאף? פירט זיי שוין צוריק אין געטא! דער רבי האט דערציילט די מעשה פילע יארן שפעטער און כדרכו בקודש צו פארדעקן די וואונדערליכע זאכן מיט זיין גרויס עניוות און צדקות האט ער אלע דברים נפלאים איינגעהילט מיט גרויס פשטות מיט זיין גרויסע חכמה, האט דער רבי אויך די מעשה ערקלערט אויף זיין שטייגער, כדי צו פארקלענערן און באהאלטן דעם גרויסן וואונדער וואס איז זיי געשען וואס באמת איז דא א פלא והפלא אז די רשעים ארורים וועלכע האבן געהאט אויף זיי א חשד פון שפיאנען, און עס האט זיי געדראעט דאס ערגסטע, זאלן זיי ארויסלאזן פון די הענט אן קיין שום שטראף, האט דער רבי זי"ע דערציילט אז דער שעף פון די פאליציי אין קלויזנבורג איז געווען א רשע ערייץ א גרויסער אכזר, נאר פונקט דעמאלט איז ער נישט געווען אין אמט, און אנשטאט אים איז געווען א צווייטער וועלכער איז געווען א פיינער, ווען מען האט אים אויפגעוועקט צוליב די אידן, האט ער זיי אנגעשריגן און געמאכט דעם אנשטעל אז ער איז גערעגט ווייל מ'האט אים אויפגעוועקט פון שלאף, און האט געהייסען מען זאל אונז שוין באפרייען און צוריק פירן אין געטא.

— • —





❧ קאַפּיטל 29. ❧

## צרה ויגון אמצא ובשם ה' אקרא

„יעדן טאג און אויך שבת פלעגט זיין א מנין ביים רבי'ן אין באראק, אזוי זענען פארלאפן עטליכע וואכען, און עס האט זיך אנגערוקט דער יו"ט שבועות. אויף יום טוב איז דער רבי אריבער צודאוווענען אין אן אנדערן באראק, דארט איז געווען א ספר תורה, געדענק איך אז ווען דער בעל תפלה האט געענדיגט די הויכע שמונה עשרה פון שחרית איז ער אוועק פון עמוד, ער האט גערעכנט אז דער רבי וועט זיכער צו גיין צו הלל, אבער דער רבי האט בשום אופן נישט געוואלט צו גיין, עס האבן נישט געהאלפן אלע הפצרות ער האט נישט געוואלט צוגיין צו הלל. איז דער טאטע (דער ביקסאדער רבי זצ"ל) צוגעגאנגען צום רבי'ן און האט אים געבעטן מיט א געוויין אז דער רבי זאל צו גיין, מ'וועט געוויס עפעס אויפטאן דערמיט מעורר רחמים צו זיין, גלייך איז דער רבי צוגעגאנגען צו הלל.

עס איז נישט שייך ארויסצוברענגען מיט ווערטער ווי אזוי דער הלל האט דעמאלט אויסגעזען, עס איז נישט צו באגרייפען די אלע ווערטער פון הלל, די עבודה, דאס דאוווענען פון רבין אין אזא מעמד, אין אזא מצב האט ער געדינט השי"ת אויף גאר א הויכע בחינה, העכער פון אונזערע השגות.

— • —



❋ קאַפּיטל 30. ❋

# די ראלע פון די ציונים אין חורבן אונגארן

אין חודש סיון האט זיך פארשפרייט אין געטא א שמועה וועגן פארהאנדלונגען וואס ווערן געפירט מיט די דייטשן וועגן טוישן אידן פון געטא פאר דייטשע אפיצירן וואס זענען געפאנגען ביי די אליאירטע. מען האט געשמועסט אז די מענטשן וועלכע וועלן געטוישט ווערן וועלן ארויסגעפירט ווערן קיין שווייץ.

אין די זעלבע צייט האט דער רשע אייכמאן ימ"ש, דער הויפט פון די געסטאפא אין אונגארן, געהאט געפירט פארהאנדלונגען מיט די ראשי הציונים קאסטנער און זיינע חברים, וועגן מאכן א טויש מיט אלע אונגארישע אידן זיי זאלן באפרייט ווערן פאר א ריזיגע סומע אויסלייז געלט, 10,000 טראקס און פארשידענע עסענווארג. [א באטרעף פון צוויי מיליאן דאללער, וואס זיי האבן געבעטן צוויי דאללער פאר איין מענטש]. אזוי ווי די ציוניסטען אין בודאפעסט האבן פארכאפט די מאכט אין די קהלה, און זיך פארגעשטעלט אלץ די אפוטרופסים פון אונגארישן אידנטום, זענען די הצלה מעגליכקייטן אוועקגענומען געווארן פון די אמת'ע ארטאדאקסישע עסקנים, און אויך אויף די געלטער וואס זענען געפלאסן פון פארשידענע קוועלן פון חרדישן אידנטוהם איבער די וועלט מיט ציל צו ראטעווען כאטש די גדולי ישראל רבנים און אדמורי"ם, האבן די ציונים מיט זייערע אינטעריגעס געוועלטיגט, אן זיך צורעכענען מיט די נדבנים, וועלכע האבן אויסדריקלעך געוואלט אז גדולי ישראל זאלן ערשט גערעטעוועט ווערן.

— • —





קאַפּיטל 31.

# זיי שטויסן ארויס די ארטאדאקסישע עסקנים

וּרדוּ בכם שונאיכם, מכם ובכם (ספרי בחוקותי)

די ערשטע איינגאבע פאר די דייטשן ימ"ש אויפן חשבון פונם אויסלייז געלט איז געגעבן געווארן דורכ'ן ראש הקהל פון די ארטאדאקסישע געמיינדע ר' פנחס פרוידיגער וועלכער איז געווען פארבינדען מיט הגה"צ ר' מיכאל בער ווייסמאנדל זצ"ל, וועלכער האט געפירט פארהאנדלונגען מיט די דייטשן א לאנגע צייט בעפאר פון זיין באהאלטעניש אין פרעסבורג. דער פאקט איז אז די פארהאנדלונגען זענען געפירט געווארן דורך פרוידיגער און נישט דורך די ציונים, נאר שפעטער האבען די ציונים, קאסטנער וחביריו, מיט פארשידענע אינטעריגעס און תכסיסים ארויס־געשטופט די ארטאדאקסישע פירערס פון די פארהאנדלונגען און זיי האבן זיך געקרוינט אלס די פירערס פון אונגארישע אידן.

ר' מיכאל בער ע"ה שרייבט מיט ווייטאג אז דאס וואס קאסטנער האט ארויסגעשטופט די חרדישע אידן פון די פארהאנדלונגען האט דערפירט צום דורכפאל פון די פארהאנד־לונגען, און אנשטאט דעם אריגינאלען פלאן פון ראטעווען אלע אונגערישע אידן אויף וועלכען די פארהאנדלונגען זענען געפירט געווארן, האבן קאסטנער וחביריו די ציוניסטישע הנהגה אין אויסלאנד געשטעלט שטיינער אין וועג, און פון דעם גאנצען פלאן צו ראטעווען א מיליאן אידן אויף וועלכען די דייטשן זענען איינגעגאנגען האט זיך אויסגעלאזט דער פלאן פון בערגן בעלזן.

עס איז לעכערליך ביז גאר צוזאגען אז די ציונים האבן



געראטעוועט אידן, אינדערצייט וואס זיי זענען געווען די וואס האבן געלייגט שטרויכלונגען אויפן וועג פון די ערנסטע פארהאנדלונגען וואס זענען געצילט געווען לטובת אונגארישן אידן, און האבן נאר אינזינען געהאט זיך און זייערע קאמאראדען, זיי האבן זיך געמאכט בעלי בתים אויף די ריזיגע געלטער וואס זענען בייגעשטייערט געווארן דורכ'ן ארטאדאקסישן אידנטום אין אונגארן און דורך אידן אבער די וועלט, און האבן אויסגעוועלט צום טראנספארט וואס איז געפארן קיין שווייץ דורך בערגן בעלזן רוב רובם פון זייערע אייגענע קאמאראדן. א נס מן השמים אז עס איז דאך געלונגן פאר יחידי סגולה צווישען זיי רבינו הקדוש און זיינע באגלייטער, הגאון ר' יונתן שטייף, דער דעברעצינער רב, דער אודווארער רב, און נאך, זיך אריינצובאקומען אין די באן. די געציילטע מנהיגים פון ארטאדאקסישען אידנטום זענען נישט געראטעוועט געווארן דורך זיי אדרבה ואדרבה! די זעלבסט געקרוינטע און אומגעבעטענע אפוטרופסים האבן גורם געווען צו דעם אז עס זאלן נישט געראטעוועט ווערן די איבעריגע אידן אין

...וזאת לפנים בישראל על הגאולה ועל התמורה, כי נודע מפי ספרים וסופרים שבכל עת שנתעורר למעלה איזה פקודה לגאולתינו ופדות נפשנו מתחכם השטן להחליף בגאולה של שקר המביא צרה וצוקה וחשך ואפילה בעולם וכו'. וכן היה אחר שסבלו אחב"י צרות נוראות מהצר הצורר שבגרמניה היה פקידה חזקה להגאולה וחטפה הסט"א בערמומיות עמוקה והחליפה בגאולה של שקר וכזב שע"י שליחיו הציונים הטמאים ומטמאים את כל העולם כולו והדתיים הנגררים אחריהם שהמירו את לבבם של בני ישראל בהשקר הנורא ודין גרמא דעציראה שנתעכבה הגאולה כ"כ וכו'... עכלה"ק.

**(על הגאולה ועל התמורה)**





אונגארן. זיי האבן געוועלטיגט איבער געלטער וואס זענען געגעבן געווארן אויף צו ראטעווען די רבנים און מנהיגים פון יהדות החרדית, און דאס גענוצט פאר זייערע חברים.

דער רבי זי"ע איז מרמז אין קורצע ווערטער: (על הגאולה ועל התמורה סי' ל"ה) ידוע שניצולו כמה מבני ישראל גם בסיוע הגרמנים הרשעים ימ"ש ע"י שוחד כסף אבל לא עלה על לב בר דעת לשבחם כמצילים וכולי עלמא ידעו שהם רשעים אכזריים ימ"ש. וגם רשעי הציונים מבני עמנו היו מעורבים בהצלה זו אבל לא עלה על דעת שום אדם בעולם לשבחם כמצילים ולהחזיק להם טובה דכולי עלמא ידעו שלא הצילו אלא עוד קלקלו את השורה וגרמו לאיבודם של אלפים ורבבות נפשות ישראל כאשר נתברר לפני המשפט בא"י, ונתגלה קלונם לפני כל שהם אשר עיכבו ומנעו הצלתן של ישראל, והנצולים אז לא היה מכוחם ופעולתם וא"א להעלות על הכתב השתלשלות הדברים וכבר נודע בין החיים ועל כן לא יזכר טובתם והצלתם.

ליידער האט די ציוניסטישע פירערשאפט זיך ארויסגעשטעלט מיט זייער שפלות און נידערטרעכטיגקייט (דאס זענען די איידלסטע ווערטער וואס די מופקרים קענען באצייכענט ווערן) זיך ארויסגעשטעלט מיט זייער שפלות און נידערטרעכטיגקייט נישט דא איז דאס ארט אויפצוויקלען די מגילה פון טרערן און בלוט וואס דער לעגענדארער הצלה עסקן הגה"צ ר' מיכאל דוב ווייסמאנדעל זצ"ל האט באשריבען, ווענן דעם טייל פון די ראשי הציונים אין חורבן פון אונגארישן אידנטום.

די ציוניסטן האבען ביים אנהייב מלחמה ארויפגעלייגט א באיקאט אויף סחורות און פראדוקטען פון דייטשלאנד. און האבן געהאלטען שארפע העצערישע רעדעס קעגן דעם אשמדאי היטלער ימש"ו דאס האט אים ארויסגעברענגט פון די כלים און געסטראשעט נקמה צו נעמען. רבינו הקדוש זי"ע שרייבט בזה"ל (הקדמת עה"ג ועה"ת) „והלא ערכו מלחמה עם הצר הנורא שבגרמניה





ונשמע קולו אז ברדיו שאמר היהודים ערכו נגדי מלחמה ע״כ אענה להם וכן עשה בעוה״ר שתיכף אח״כ התחילו ההריגות הנוראות, אי אפשר להבין היאך אפשר אכזריות נוראה כ״כ ביודעם שחלק גדול מכלל ישראל תחת ידו והם לא יוכלו לעשות בזה מאומה, האיך אפשר להתאכזר כ״כ להפקיר דמם של ישראל. וכן עשו הרבה מעשים נוראים כאלו שגרמו לאבדון של ישראל בעוה״ר, וקצתם מובא בספר מן המיצר שכתב ידידי הגה״ח מוה״ר מיכאל דוב ע״ה וכו׳, הכתות הרשעים האלה שמחמת עזותם וחוצפתם מתגרים באומות הרשעים הן המה הגרועים שבגרועים הגורמים צרות מבהילות על ישראל. ונהירנא עוד בתחלת הזמן כאשר נהייתה אותה אבי אבות הטומאה של הציונות אמרו אז כל גדולי הדור שאם ח״ו יעלה בידם איזה מלוכה אין לשער גודל הצרות הנוראות שיצמח בזה, ויש ע״ז הרבה מכתבים מגדולי הדור שהיו אז בזמן ההוא וכן היה בעו״ה ועד מתי יהי׳ זה לנו למוקש ה׳ ירחם במהרה״, עכלה״ק.

ר׳ מיכאל בער אין זיין ספר מן המיצר — וואס יעדעס בלעטעל איז דורכגעזאפט מיט בלוט און טרערן — טייטעלט מיט א באשולדיגונג פינגער אקעגן די ציוניסטישע פירערשאפט אז מיט זייער גלייכגילטיגקייט האבן זיי צוגעפירט צו די פארטיליגונג פון אונגארישן אידנטום, ער ציטירט די בריוו פון איינעם פון די פירערס פון די ציונים נתן שוואלב וועלכער איז געזעסן אין גענף וועלכער האט געענטפערט אויף א ווענדונג פון ר׳ מיכאל בער צו אים אז מען זאל אריבערשיקן געלט אונטערצוקויפן די נאצים ימ״ש, „מען דארף געדענקען אז העכער אלעם שטייט די גרינדונג פון א אידישע שטאט נאך די מלחמה, דערפאר איז אוממעגליך אז אנדערע פעלקער זאלן פארגיסן זייער בלוט אין די מלחמה, און אידן זאלן נישט ברענגען קיינע קרבנות... מיט וואס פאר א רעכט וועלן אידן קענען זיצען ביים פארהאנדלונגס טיש ווען מען וועט פונדאסניי צעטיילן די גרעניצן פון די פעלקער און מדינות, עס איז פשוט א חוצפה צו פארלאנגען פן די פעלקער וואס גיסען זייער בלוט אז זיי זאלן אונז ערלויבן אריבערצושיקן זייער געלט צום



שונא". שוואלב שרייבט מיט צינישע קאלטקייט „רק בדם תהיה לנו הארץ".

עס כאפט אן א שוידער ווי נידעריג עס זענען געזינקען די מענטשן, זיי האבן זיך דערקייקעלט צום טיפסטן אפגרונד פון רשעות און אכזריות, זיי האבן געוויליגט צו ברענגען זייערע אייגענע ברידער פאר קרבנות, כדי צו דערנענטערן זייער ציל פון אויפשטעלן א מדינה.

עס איז גוט באקאנט וואס האט זיך ארויסגעוויזען ביים קאסטנער פראצעס, ווי אזוי די ציונים האבען געלייגט שטיינער אויפ'ן וועג פון דעם שליח פון הצלה יואל בראנד, און אים געלאזט איינזעצן אין ענגלישע תפיסה ביז צום ענד פון די מלחמה.

[עס איז כדאי צו פארציילן: תשעה באב נאכמיטאג, (לערך שנת תשי"ג) דער רבי איז דאן געווען אין זיין קור ארט שעראן ספרינגס, האט דער רבי מיט טרערן אין די אויגן פארציילט די גאנצע געשיכטע וועגן די אויסלייז געלט פונעם איירופעאישן אידענטום, וואס די ציונים האבן אונטערגעלייגט פיסלעך, און געשטערט די הצלה ארבעט, דער רבי האט דאן געזאגט, „ווען איך וואלט ווען דעמאלס געוואוסט פון די הצלה פלענער פון ר' מיכאל בער און אז מען קען אונטערקויפן די רשעים מיט געלט, וואלט איך פון די שטאט סאטמאר אליין געקענט צונויף שטעלן דעם גאנצן געפאדערטן סכום".

עס איז כדאי צו דערמאנען וואס עס האט פארציילט א איד מאנ"ש וועלכער איז געווען ביי דעם שמועס. עס איז דאן שוין געווען א לאנגע צייט נאכ'ן זמן פון אויספאסטן און דער רבי האט ווייטער ממשיך געווען דערציילענדיג וואס די ציונים האבן דאן געטאן, דער איד פארציילט, אז הרבנית הצ' תחי' איז געקומען צום רבי'ן און געזאגט עס איז שוין שפעט, דער רבי דארף שוין





אויספאסטן, דער רבי האט אבער ווייטער ממשיך געווען מיט בכיות אויפן פארלוסט פון מיליאנער אידן ביז לערך א שעה נאכ'ן זמן פון מעריב].

דער אמת לאמיתו איז דאס געלט וואס איז געקומען פון אמעריקע אויף די אדרעס פון וועד הצלה איז געשיקט געווארן צו די ראשי הקהלה פון אונגארן, און בראשם ר' פנחס פרווידיגער, די ציוניסטן האבען אין אונגארן געהאט גאר א שוואכען כח. די געלטער פון אמעריקע זענען אנגקומען דורך שווייץ. א טייל פון די נותנים האבן זיך בפירוש אויסגענומען אז דער סאטמארער רבי זאל זיין דער אפטרופוס אויף די געלטער, דער רבי פלעגט פארן אויף פעסט און זיין אקטיוו אין די ענינים פון וועד הצלה, נאך אינמיטן חודש אדר תש"ד האט דער רבי געשריבן צוויי בריוו פאר ר' פנחס פרווידיגער וועגן די געלטער וואס זענען געקומען צום וועד הצלה אויפ'ן רבי'נס נאמען. (זע דברי יואל מכתבים ח"ב מכתב ק"ה ק"ו און אין די הערות באריכות). דער רבי גיט אים אנווייזונגען ווי אזוי צו האנדלען מיט די געלטער. אין וועד איז אויך געווען אקטיוו הרה"ח הישיש ר' חיים ראטה שליט"א וועלכן דער רבי דערמאנט אין יענעם בריוו.

— • —

קאַפיטל .32



## עדות פון ארטאדאקסישען ראה"ק אין קלויזענבורג



מיר וועלן נאר דערמאנען אין קורצען די ווערטער פון הר"ר ירמי' טעסלער ע"ה ראש הקהל פון די ספרדישע קהלה אין קלויזענבורג, אן אקטיווער עסקן און איש חסד, וועלכער האט דורכגעלעבט די שבעה מדורי גיהנם אין געטא און שפעטער אין







אוישוויץ, זייענדיג באהאוועגט אין קהל׳ישן לעבן פילע יארן האט ער גוט געקענט די ציוניסטישע פירערס און מיטגעלעבט די גאנצע פרשה, ווי אזוי זיי האבען ארומגעפירט די אידישע מאסן מיט פאלשע שמועות, כדי זיי איינצושלעפערן צוליב זייער ענגע אינטערעסן.

ער שרייבט (אין זיין ספר זכור ואל תשכח פרק ז׳) מיט גרויס ביטערניש וועגען דעם וועד ההצלה פון די ציונים אין קלויזענבורג, וואס אין שפיץ איז געשטאנען ד״ר באלאנש און ד״ר פישער. ד״ר פישער איז געווען דער שווער פון דעם טרויעריג בארימטן ד״ר ישראל קאסטנער, דער אנפירער פון צענטראלן וועד אין בודאפעסט.

— • —

קאַפּיטל 33.

# לא יאומן כי יסופר

עס איז אומגלויבליך אז מענטשן מזרע ישראל זענען מסוגל צו א זעלכע נידערטרעכטיגע פעולות. ר׳ ירמיה ע״ה שרייבט אז פון ארץ ישראל זענען ארויסגעשיקט געווארן סערטיפיקאטן פון קרובים צו זייערע פאמיליעס אין געטא. די סערטיפיקאטן זענען אנגעקומען צו ד״ר קאסטנער, ער זאל זיי איבערגעבן צו די באטרעפענדע. אבער אנשטאט איבערצוגעבן די סערטיפיקאטן צו זייער אדרעס, האבען זיי אויסגעמעקט די ריכטיגע נעמען, און אריינגעשריבן די נעמען פון זייערע קאמאראדען, די שישקעס פון די ציוניסטישע באוועגונג. זיי האבן מורא געהאט אז די אידן צו וועמען די סערטיפיקאטען זענען געשיקט געווארן וועלן געוואויר ווערן פונעם שווינדעל, האבען זיי צוגעאיילט דאס ארויסשיקען די טראנספארטן פון געטא און האבן גרזארגט דערצו אז די וועלכע







אויף זייער נאמען זענען אנגעקומען סערטיפיקאטן זאלען זיין אין ערשטן טראנספארט קיין אוישוויץ.

„אזוי איז געשען פאר די פאמיליע פון מיין שווער, וואס איין זון האט געדינט אין בריטישן מיליטער אין ארץ ישראל, ער האט געשיקט פאר די גאנצע משפחה 8 סערטיפיקאטן וואס זיי האבען קיינמאל נישט באקומען... זיי זענען געשיקט געווארן קיין אוישוויץ מיט איינעם פון די ערשטע טראנספארטן און גלייך פארגאזט געווארן. (שם ע׳ 48).

ער רעדט מיט גרויס פארביטערונג וועגן די פאררעטערישע ראלע פון וועד און פון יודנראט אין קלויזנבורג, וועלכע האבן גוט געוואוסט וואו אהין די טראנספארטן אידן גייען, און דאך האבן זיי איינגערעדט דעם עולם אז מען שיקט די אידן אין אן אנדערע געגענט וואס רופט זיך „קענער מעזא״, דארט וועלן זיי זיך אויפהאלטן ביז ענד פון די מלחמה.

אויך האבען די שלוחים פונעם וועד געווארנעט די איינוואוינערס פון געטא אז אויב וועט איינער וואגען ארויסצולאזען שמועות וועגען גאז קאמערן, וועט ער שטרענג באשטראפט ווערן, און אויך ווער עס הערט אזעלכע שמועות און וועט נישט קומען דערציילן פארן וועד ווער עס צעשפרייט זיי וועט הארב באשטראפט ווערן. (שם)

זיי האבן מיט פארשידענע מיטלען דערשטיקט דעם וויי געשריי פון אייראפעיִשן אידנטוהם און נישט דערלאזט אז די קולות פון די אומגליקליכע אין אוישוויצער אויוועגס זאלען אויפציטערן די אידישע מאסן אין די פרייע מדינות, צוליב אייגענע אינטערעסן און פאליטישע חשבונות האבן זיי מפקיר געוועזן הונדערטער טויזנטער אידן.

היינט זענען דאס קלארע פאקטן וואס זיי אליין טוען אויך





נישט פארלייקענען. ביים משפט קאסטנער האט דער „שופט" אויסגעפירט אין זיין פסק אז „קאסטנער האט פארקויפט זיין נשמה פארן שטן" ער האט געדינט די דייטשן און זיי צוגעהאלפן צו פארפירן די אידישע מאסן אין די געטאס, אז עס וועט זיי גארנישט פאסירן.

עס פארשטייט זיך אז די ראשי הציונים וואס האבן אנגעפירט מיט דעם הצלה פלאן האבן נישט געוואלט הערן וועגן אריינגעמען דעם רבי'ן מיט זיין פמליא אין די ליסטע, זיי האבן גוט געקענט דעם רבי'ן און פיל געליטן פון זיין קאמפראמיסלאזע מלחמה קעגן ציונות לאנגע יארן בעפאר, זיי האבן נישט געחלומט צו ראטעווען זייער גרעסטן שונא און קעגנער.

די קלויזנבורגער משכילים האבן געטראגן א ספעציעלע שנאה אויפ'ן רבי'ן, צוליב א מעשה שהיה ארום 6—7 יארן בעפאר:

— • —

קאַפיטל .34

## דמוכח להו במילי דשמיא

אין קלויזענבורג האט עקזיסטירט א גימנאזיע, און אזוי ווי עס איז געווען א שטרענגע גזירה אז יעדער בחור מוז גיין אין מיליטער, האבן פילע בעלי בתים פון די ארטאדאקסישע געמיינדע אנגעהויבן אריינצוגעבן די קינדער צו שטודירן אין די גימנאזיע, זיי האבן דארט געלערנט א פאך, און אויך האבן זיי געהאפט דורך דעם זיך צו באפרייען פון מיליטער צוליב זייער שטודירן.

אין יענע תקופה איז דער רבי זי"ע געווען אויף א שבת אין



קלויזנבורג, האט ער געהאלטן גאר א שארפע דרשה קעגען שטודירן אין גימנאזיע. ביי די דרשה זענען אנוועזענד געווען פילע בע״ב אויף וועלכע ס׳האט געמאכט א גרויסען רושם, פילע האבען געפאלגט דעם רבי׳ן און ארויסגענומען די קינדער פן די גימנאזיע. ווען דער פראפעסער איז געקומען מאנטאג האט ער אויסגעפונען אז די גימנאזיע איז כמעט ליידיג, זעלבסטפארשטענדליך אז ער איז געווען מלא חימה אויף רבינו הקדוש זי״ע. אין געטא האט ער געהאט א געלעגנהייט אפצוצאלען פארן רבי׳ן, און ער האט אים אויסגעטיילט גרויסע צרות אויף יעדן שריט און טריט, און אויך שפעטער אין פעסט האט דער פראפעסער געזוכט מצער צו זיין דעם רבי׳ן ווי ער האט געקענט. און ער פלעגט גאר אפט אוועקנעמען ר׳ יוסף אשכנזי צו ארבעטן אין קאך, פיל מער ווי אנדערע, ווייל ער האט געוואוסט אז דער רבי קען נישט זיין אליין און נויטיגט זיך אין ר׳ יוסף׳ן.

[זייענדיג אין שווייץ איז דער פראפעסער געקומען צום רבי׳ן אין געבעטן מחילה אויף אלעם וואס ער האט דער רבי׳ן מצער געווען].

עס זענען געמאכט געווארן פילע שתדלנות פון חרדישע אידן ביים וועד פארן רבי׳ן, אבער די שנאה כבושה זייערע האט זיי נישט געלאזט מסכים זיין אז זייער גרעסטער געגנער זאל געראטעוועט ווערן.

— • —

קאַפיטל 35.

## דער וואונדערליבער חלום

אבער פלוצים האבען זיי געענדערט זייער מיינונג, און דער רבי זי״ע מיט די רעבעצין און ר׳ יוסף אשכנזי זענען צוגעשטעלט



געווארן צו די ליסטע פון די מענטשן וואס דארפען ארויסגעשיקט ווערן קיין שווייץ.

דער רבי האט פיל געקווענקעלט צי ער זאל אננעמען דעם אנבאט און מיטפארן מיט די חבריא, וועלכע זענען געווען כמעט אלע פסולת שבפסולת, פרייע חברה, ער האט אויך מורא געהאט אז די דייטשן גרייטן צו א פאסטקע, און אלעס איז בלאף, מען וויל זיי ארייננארן און אפפירן קיין אוישוויץ, אבער צום סוף האט דער רבי צוגעשטימט צו פארן.

דער וועלכער האט באשלאסן אז דער רבי זאל יא מיטפארן מיטן טראנספארט איז געווען נישט קיין אנדערער ווי ד"ר פישער, דער פירער פון די ציוניסטן, אויף זיי איניציאטיוו האבען זיין אריינגענומען דער רבי'ן מיט זיינע באגלייטער אין טראנספארט.

[ד"ר פישער איז געווען דער זון פון א שטאטוסקווא רב אין די שטאט דעווא, זיין פאטער איז געקומען פון דייטשלאנד קיין אונגארן, ער איז געווען א איד א תלמיד חכם, נאר צוליב דעם וואס אין דייטשלאנד זענען נישט געווען קהלות נפרדות איז ער אריינגעפאלן צו די סטאטוסקווא געמיינדע. אויך זיין מוטער איז געווען א פרומע און געגאנגען מיט א שייטל, זייער זון איז געווארן פון די ראשים פון מזרחי אין קלויזנבורג, און זייענדיג ד"ר קאסטנער'ס שווער איז ער געווען בעל דיעה אין די ליסטע].

דער רבי זי"ע פלעגט דערציילען נאך די באפרייאונג אז בעפאר ער האט פארלאזט שווייץ צו קומען קיין ארץ ישראל, האט אים באזוכט דער אויבנדערמאנטער ד"ר פישער, און האט געזאגט „דער רבי פארשטייט דאך אליין אז פאר אונז איז נישט איינגעפאלן מציל צו זיין דעם רבי'ן, ס'טייטש, דער רבי דער גרעסטער שונא פאר אונז ציוניסטן זאל איך אים מציל זיין? נאר איך וועל דערציילן דעם אמת, מיין מוטער איז מיר געקומען אין חלום און ווייזענדיג אויפ'ן רבי'ן האט זי געזאגט: זעסט! דעם איד



זאלסטו מציל זיין. דער רבי האט צוגעגעבן זיין מוטער איז געגאנגען מיט א שייטל און האט געשטאמט פון סעליש. (מפי האדמו"ר מביקסאד שליט"א בפגישתו הראשונה עם רבינו אחרי המלחמה שסיפר לו כל זאת).

ביי זיין פראצעס אין א"י האט דאקטאר קאסטנער געזאגט פארן „געריכט" „קיינמאל האט מיין שווער ד"ר פישער מיר נישט איינגעטיילט ווען אריינצושטעלן אין די ליסטע פון די געראטעוועטע, אויסער איין איינציג מאל האט ער פון מיר פערזענליך פארלאנגט איך זאל אריינשטעלן דעם סאטמארער רבי.

— • —

קאַפּיטל 36.

## הרצחת וגם ירשת

נאך די קלארע באווייזען איז דאס נישט מער ווי א ביטער ליצנות צו זאגען אז די ציונים האבן געהאט א חלק אין די הצלה פון רבי'ן (ווי א טייל ציוניסטן בארימען זיך דערמיט). זיי וועלכע האבן מיט פאפעריי ארויסגערוקט די אמת'ע געטרייע אפטרופסים וועלכע האבן געארבעט צוראטעווען דעם גאנצען אונגארישן אידנטום, די ארטאדאקסישע פירערס וועלכע זענען געשטאנען אונטער פיקוח פונעם רבי'ן וואס אויף זיין נאמען זענען די געלטער אנגעקומען, זיי האבען גאר מציל געווען דעם רבי'ן, איז דען דא א גרעסער רשעות און צביעות פון דעם, הרצחת וגם ירשת! דאס געלט וואס איז געווען באשטימט פאר הצלה כללית, און איז אויסדריקלעך נישט געקומען אויף זייער אדרעס, און ווייל זיי האבן דאס אריינבאקומען אין זייערע הענט, און ארויסגעשטופט פילע ארטאדאקסישע אידן פון די ליסטע, און נאך פיל מיה דורך נסים מן השמים האבן זיי באין ברירה געלאזט דער רבי'ן זי"ע אין





די ליסטע, וועלכער בר דעת וועט זיי רופן מצילים. דאס געלט וואס איז געווען אונטער דעם רבי׳נס אפיטרופסות און זיי האבן געוועלטיגט דערויף מיט כח, איז דאס זייער געלט געווען? איז דאס זייער טובה געווען? אדרבה ואדרבה! זיי האבן בא׳עוולה׳ט און בא׳גזל׳ט די פילע ערליכע אידן וואס האבען לויט די פראפארציע געדארפט ניצל ווערן, אפילו ווען מען וואלט געמאכט אן אייניגע חלוקה לויט די פראצענטן פון די אידישע באפעלקערונג אין אונגארן וואלט געדארפט אויסקומען פאר די ארטאדאקסישע אידן אריבער די העלפט, און אוודאי גאר א קליינער פראצענט פאר די ציונים וואס זענען געווען א מינדערהייט, אבער ליידער זענען אריינגערעכנט געווארן אין די ליסטע גאר ווייניג ערליכע אידן אין א גרופע פון טויזנט און זיבען הונדערט נפשות... דאס הייסט מצילים. אוי לה לאותה בושה אוי לה לאותה כלימה, זיי האבן ארויסגעשטופט די וועלכע עס איז זיי געקומען לויטן יושר און לויט דעם תנאי פון די נדבנים און האבן אוועקגעכאפט די פלעצער פאר זייערע מענטשן.

דער רבי דערמאנט די פרשה אין קורצן אין קונטרס עה״ג ועה״ת (סי׳ ל״ה) וזל״ק „גם ידוע שניצולו כמה בני ישראל גם בסיוע הגרמנים הרשעים ימ״ש ע״י שוחד כסף, אבל לא עלה על לב בר דעת לשבחם כמצילים וכולי עלמא ידעו שהם רשעים אכזריים ימ״ש. וגם רשעי הציונים מבני עמנו היו מעורבים בהצלה זו, אבל לא עלה על דעת שום אדם בעולם לשבחם כמצילים ולהחזיק להם טובה, דכולי עלמא ידעו שלא הצילו אלא עוד קלקלו את השורה וגרמו לאיבודם של אלפים ורבבות נפשות ישראל כאשר נתברר לפני המשפט בא״י ונתגלה קלונם לפני כל שהם אשר עיכבו ומנעו הצלתן של ישראל, והנצולים אז לא היה מכוחם ופעולתם, וא״א להעלות על הכתב השתלשלות הדברים וכבר נודע בין החיים וע״כ לא יזכר טובתם והצלתם וכו׳. ולא עוד אלא שהם עצמם התביישו לפרסם פעולותיהם וקשריהם עם הרשעים האכזריים, וממילא ידע







כל מאמין שהכל היה בהשגחה עליונה מי יחי׳ ומי ימות, וכל אלו שזיכם ה׳ בחיים וניצולו ממות לחיים הכירו וידעו כי מאת ה׳ היתה זאת וכו׳

— • —

## קאַפּיטל 37.

# דער רבי ליידט פון די ציוניסטן

יחזקאל בן בוזי שהיו מבזין אותו וכו׳ זהו שבחו דלמה ביזוהו על שהוכיחן על עבודה זרה וכו׳ **והיה מוכן לקבל על עצמו כל בזיונות שבעולם על קדושת שמו יתברך ואין לך שבח גדול מזה וכן הוא דרך כל עובדי ה׳ באמת שלבבוד ולתפארת הוא בעיניהם אם מתבזים לכבוד שמו יתברך** (דברי יואל ויצא ע׳ י״ח)

דער טראנספארט מיט אריבער 300 מענטשן פון קלויזנבורג איז אפּגעפארן קיין בודאפעסט אין סוף חודש סיון, רוב רבם זענען געווען פון די ציוניסטן, השומר הצעיר, וכו׳, מען האט זיי אויסגעשטעלט אין א רייע, אויסגערופען יעדן ביים נאמען, און די עס עם סאלדעאטן האבען זיי איבערגענומען. אין די רייע זענען געשטאנען ר׳ יוסף אשכנזי פון פארנעט, דער רבי אינדערמיט, און די רעבעצין פון הינטען, די ציונים האבען געזידעלט דעם רבי׳ן און געשריגען אויף אונגאריש „די מענטשן נעמט איר מיט? דורך זיי ליידן מיר דאך אלע צרות, זיי זענען אלעס שולדיג״ פון די באנדע האט דער רבי געליטן צרות א גאנצע צייט אין געטא און שפּעטער אין פּעסט און אין בערגן בעלזן.

— • —





כ"א בכסלו תשי"ד — כ"א בכסלו תשמ"ה

קאַפּיטל 38.

## פון קלויזענבורג קיין בודאפעסט

דער טראנספארט פון קלויזענבורג איז אנגעקומען קיין בודאפעסט פרייטאג פארנאכטס נאכן זמן דער רבי האט געהייסען אז מען זאל איבערלאזן אלע פעקלעך אריינגערעכנט דעם טלית און תפילין אין די סטאציאן, און זיי זענען געגאנגען צופיס ביז זייער וואוינונג, אין א סענאטריום אויף קאלאמבאס גאס, וואס איז אראנזשירט געווארן פאר די גרופע אידן וועלכע האבן געדארפט ארויסגעשיקט צו ווערן.

זעלבסטפארשטענדלעך אז דער רבי מיט זיינע באגלייטערס האבן זיך מייאש געווען פון זייערע זאכן וועלכע זענען געבליבן הפקר. ווי ערשטוינט זענען זיי געווארן ווען פלוצים איז אנגעקומען א גוי וועלכן זיי האבן נישט געקענט און נישט געוואוסט ווער ער איז, און האט אפגעברענגט דעם טלית און תפילין, צו די וואוינונג פון רבין אין סענאטאריום. (זכור ואל תשכח ע' 26).

אין בודאפעסט האט מען צוזאמענגענומען אלע אידן וועלכע זענען געווען אין די ליסטע געראטעוועט צו ווערן. זיי זענען פלאצירט געווארן אין בודאפעסט אונטער די אויפזיכט פון די עס עס סאלדאטן, ביז די גאנצע סומע אויסלייז געלט וועט געצאלט ווערן.

די ליסטע וואס דער וועד ההצלה האט איבערגעגעבן פאר די דייטשן ימ"ש, איז באשטאנען פון ארום טויזנט און זיבען הונדערט אידן, פאר זיי איז געצאלט געווארן א ריזיגע סומע אויסלייז געלט, דאס געלט איז געקומען פון ביישטייערונגען פון אויסלענדישע אידן און אויך א גרויסע סומע וואס איז באצאלט געווארן דורך די ארטאדאקסישע אידן אין בודאפעסט. עס דערציילט הרה"ח

חסדי ה' כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו





הישיש ר׳ חיים ראטה נ״י פון די מסירות נפש׳דיגע הצלה עסקנים אין פעסט, אז די ארטאדאקסישע אידן וועלכע האבן בייגעשטייערט דאס געלט האבן זיך אויסגענומען א תנאי אז אין די ליסטע זאל אויסדריקלעך אריינגערעכנט ווערן דער סאטמארער רבי.

דער רבי זי״ע האט געצווייפעלט צי ער זאל מיטפארן מיט דעם טראנספארט קיין שווייץ. דער רבי האט מורא געהאט טאמער איז דאס א פאַסטקע וואס די דייטשן גרייטן צו, זיי וועלן צונעמען דאס געלט און נישט איינהאלטן זייער הבטחה.

צווישן די ליסטע זענען געווען עטליכע ארטאדאקסישע רבנים, דער אלטער דעברעצינער רב הרהגה״צ מוה״ר שלמה צבי שטראססער זצ״ל, דער בודאפעסטער ראב״ד הגה״צ מוה״ר יונתן שטייף זצ״ל, ולהבחל״ח דער אודווארער רב הגה״צ מו״ה שלום קרויס שליט״א, און נאך. צווישען עולם זענען געווען פארשידענע שמועות, איינמאל האט מען גערעדט אז דער רבי וועט יא פארן און איינמאל האט מען געזאגט אז ער וועט נישט פארן.

— • —

קאַפיטל 39.

# די לעגענדארע הצלה עסקנים

אין די צייט וואס דער רבי זי״ע איז געווען אין געפענגעניש אין פעסט האט זיך פיל מטריח געווען און גע׳שתדל׳ט פאר אים הרה״ח המפורסם מוה״ר חיים ראטה שליט״א.

ר׳ חיים איז געווען פון די הויפט עסקנים צוראטעווען אידן אין די מלחמה צייטען, און ער האט געטאן גדולות ונצורות פאר די פוילישע און סלאוואקישע אידן. נאך ווען דער רבי איז געווען אין געטא קלויזענבורג האט ער פיל געטאן צו ראטעווען דעם







רבי'ן. שפעטער ווען דער רבי איז געווען אין קאלאמבאס לאנגער אין בודאפעסט האט ער פיל געטאן צו פארגרינגערן פארן רבי'ן, צווישען אנדערס האט ער אריבערגעשיקט יעדן טאג עסן פארן רבי'ן דורך זיין זון הרה"ח ר' שמואל יצחק ראטה נ"י.

נאך די מלחמה האט דער רבי געשריבן אווארעמען בריוו אלס דאנק פאר די עסקנים, בתוך הדברים שרייבט דער רבי „ובפרט הרבני הנגיד המפואר ירא ושלם מהולל בתשבחות כש"ת מהו"ר חיים ראטה נ"י הקדיש עתותיו ימים ולילות לעבוד בכל כוחו באמונה לטובת ישראל, גם אח"כ בעת שהייתי בפעסט במאסר תחת הרשעים הארורים ר"ל עד שנמלטתי משם בחסדי הבורא ית"ש ראיתי את הר' הנ"ל כי מתעסק בכל יכלתו לטובת הכלל". (מכתבים דברי יואל ח"א ק"ח).

— • —

קאַפּיטל 40.

# דער געראנגעל בין חיים למוות

ענדליך איז ארויסגעפארן די באן פון בודאפעסט פרייטאג ט' תמוז צו די ריכטונג פון די עסטרייכישע גרעניץ. די באן איז געווען צוזאם געשטעלט פון אריבער צוואנציג וואגאנען, אין יעדן וואגאן זענען געווען צוזאמגעפרעסט ארום זיבעציג נפשות, אין צווייטן טאג שב"ק י' תמוז איז די באן אראפגעפארן אויף זייטיגע רעלסן און איז געבליבען שטיין אין א שטעטל נעבן די עסטרייכישער גרעניץ מיטן נאמען מאזשאר אויבאר. פאר די פאסאזשירן איז ערלויבט געווארן אראפצוגיין פון די באן און ארומשפאצירן נאענט צו די באן שטרעקע. צוויי גאנצע טעג איז די באן געשטאנען אין דעם סטאציאן.

שרעק האט ארומגענומען דעם עולם, ווען מען האט זיך







דערוואוסט אז דער דירעקטאר פן די באן סטאציאן האט באפוילען צופירן די באן קיין אוישוויץ און נישט קיין „אוישפיץ" אין עסטרייך אזוי ווי ס'איז געווארן אפגעשמועסט.

דער אודווארער רב שליט"א וועלכער איז געפארן אין די באן שרייבט „דעמאלט האבן מיר פארשטאנען פארוואס דער רבי זי"ע האט זיך געפארכטן אז די דייטשן וועלן אונז אפנארן".

די צוויי טעג זענען געווען טעג פון אימת מוות, מען האט געוואוסט אז דאס לעבן הענגט אויף א האר. דער אודווארער רב שליט"א שרייבט „ווען די באן האט זיך געשטעלט בין איך געגאנגען פון איין וואגאן צום צווייטען איך האב געוואלט פעסטשטעלן צו דער רבי איז יא מיטגעפארן אדער נישט, נאך פילע זוכענישן האב איך אים געטראפן זיצען אין לעצטן וואגאן, די ערשטע מינוט האב איך אים נישט דערקענט ווייל זיין בארד איז געווען פארדעקט, ער האט געהאט א גרינעם סאמעטענם הוט, און א קורץ רעקל. אבער דערנאך האב איך פארשטאנען אז דאס איז דער רבי. איך בין געווען אין א מצב „ויחד יתרו" פון איין זייט האב איך מיר דערפרייט אז צווישען אונז געפינט זיך דער קדוש עליון, וואס אין זיין זכות וועט אוודאי השי"ת העלפן אז מיר אלע זאלן בלייבען לעבן אבער פון די אנדערע זייט האט מיין הארץ געוויייטאגט, זעענדיג דעם קדוש ד' אין אזא שפל המצב".

און אט ווי אזוי עס טוט פארשטעלן דער רבינ'ס אויפפירונג אין די קריטישע צוויי טעג איינער פון די ריינזעדע א פרייער נישט קיין שומר תורה ומצוות, וועלכער האט קיינמאל בעפאר נישט געוואוסט פון רבי'ן, דאקטער קענעדי, ער שרייבט פאלגענד. „נעבן די שינעם האט געצויגען מיין אויפמערקזאמקייט א איד מיט גרייז גרויע האר, וואס זיין געשטאלט האט אויף מיר געמאכט א געוואלדיגן איינדרוק.

„איינגעזינקען אין זיינע געדאנקען, ווען זיינע ליפן מורמלען א





שטילע תפלה, אדער זינגען א ניגונ'דל, האט ער געשפרייזט אהין און צוריק אזוי ווי א פארוואונדעטער לייב. איך ווייס נישט צי ער האט געזאגט תהלים, אדער ער האט געזארגט אין זיין יאוש אויף דעם שרעקליכען גורל, אבער דאס האב איך געזען אז ער איז זייער פארנומען. אזוי האט ער געשפאנט מיט אן אראפגעלאזטן קאפ צווישען דעם עולם.

„אויף מיין פראגע צו איינעם פון מיינעם א באקאנטען ווער איז דער מענטש? האט מיר יענער געענטפערט „דאס איז דאך דער סאטמארער רבי מהר"י טייטלבוים! יעדער וואס געפינט זיך אין זיין מחיצה איז פארזיכערט אז עס וועט אים נישט געשען קיין שלעכטס", האט ער מיר צוגעגעבן מיט זיכערקייט".

דער רבי זי"ע האט שטארק געציטערט אז די דייטשען וועלן פארפירן דעם עולם און די באן פארט קיין אוישוויץ. דער רבי איז אוועק אין א דערנעבענדיג פעלד און בשום אופן נישט געוואלט צוריק ארויף גיין אויף די באן. עס האט זיך ארויסגעשטעלט אז

...לא מאסתים בימי יוונים ולא געלתים בימי אספיינוס וכו' אני ה' אלקיהם בימי גוג ומגוג וכו'. בשאר הגליות היתה הישועה ע"י שלוחי בנ"א, אמנם במלחמת גוג ומגוג שיתגבר מאד להעביר את ישראל על אמונתם וזרם אפיקורסות יהיה שוטף בעולם ע"כ הקב"ה בעצמו יבא לשמרנו וכו', וז"ש כי אני ה' אלקיהם בימי גוג ומגוג שהשי"ת בעצמו ישמור אותנו והבוכ"ע יצילנו בגשמיות וברוחניות וזה ההצלה שהצילנו הבוי"ת בשנות השואה ואנו מצפים שישאר הצלה נצחית ונזכה להתחזק בדרך התורה ובדרך האמת, ונזכה במהרה לישועה וגאולה אמיתית שיתקיים הבטחתו יתברך אני ה' אלקיהם...

(דברי יואל וישב רצ"א)

אלקי יעקב ונמלטו בדרך בטחון ולא בושו

בך בטחו אבותינו בטחו ותפלטמו

חסדי ה' כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו





דער רבי האט מיט זיינע הייליגע אויגן געזען דעם אמת זיי האבן טאקע געוואלט פארשיקן דעם טראנספארט קיין אוישוויץ. עס זענען געפירט געווארן פיבערהאפטע פארהאנדלונגען, לויט ווי עס איז ידוע האט רבינו הקדוש געטאן פעולות צו באוועגן די רשעים צו טוישן זייער מיינונג. עס איז אויך אראפגעשיקט געווארן א שליח צוריק קיין פעסט צו אינטערוועגירן.

— • —

קאַפּיטל 41.

## אויפן וועג צו די ישועה

ענדליך נאך צוויי טעג פון טויט שרעק איז די באן ענדליך ווייטער געפארן קיין עסטרייך, און האט זיך געשטעלט אין וויען, דערנאך איז מען געבליבן שטיין אין די שטאט לינטש, דארט האבן זיי זיך פארזוימט איין טאג, ווען מען האט אויסגעשטיגן פון די וואגאנען האט מען אויסגערופען אז יעדער זאל זיך גיין באדן, מען האט שטארק געציטערט פאר דעם באדן, מ׳האט שוין געהאט געהערט פון פוילישע אידן, אז דאס באדן קען מיינען פארניכטונג מיט געז רח״ל, אבער מ׳האט נישט געהאט קיין אויסוועג. דער אודווארער רב שליט״א דערציילט: איך בין געגאנגען צוזאמען מיטן רבי׳ן און ר׳ יוסף אשכנזי.

גייענדיג האב איך באמערקט אז דער רבי האלט עפעס אין די האנט, איך האב געפרעגט דעם רבי׳ן וואס דאס איז? האט ער מיר געענטפערט, „איך האב מיטגענומען א שער מאשינדעל, ווייל אויב מען וועט באפעלן מ׳זאל שערן מיין בארד זאל מען דאס שערן נאר מיט דעם שער מאשינדל נישט מיט א גאל מעסער ח״ו".

האב איך געזאגט פארן רבי׳ן מען וועט א וודאי נישט אפשערן דעם רבינ׳ס בארד, ווייל עס איז שטארק זויבער. דער






רבי האט הנאה געהאט אבער ער האט געזאגט פונדעסטוועגן דארף מען חושש זיין אויף א ספק. נאכדעם וואס מיר זענען געווען אין באד איז אנגקומען אונזער רייע דורכצוגיין ביים דאקטער, וועלכער האט באקוקט די האר צי מען דארף זיי אפשערן אדער נישט. ווען דער רבי איז אדורך האט דער דאקטער געקוקט אויף די בארד און האט שוין געהייסן ער זאל ווייטער גיין, זאגנדיג „די בארדע איז אינגאנצען ריין, און מ'דארף דאס נישט אפשערן".

— • —

**שלא אחד בלבד עמד עלינו**

...באמת חייבים אנחנו לתת שבח והודיה להבוכה"ע על הצלתנו שלא אחד בלבד עמד עלינו לכולותינו אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו והלכה בידוע הוא שעשיו שונא ליעקב ובוודאי שלא יצוו אותנו חז"ל להעיד עדות שקר וכלפי שמיא גליא שרוצים באמת לכלות אותנו בכל דור רק שהקב"ה ברוב רחמיו מצילנו מידם וכמו שקרה לנו בזמננו שנדון כל הכלל ישראל לאבדון ולהריגה ח"ו **וזה נס גדול** שניצולו מקצתם מתחת יד הרשעים רק בעוה"ר רק יחידים ניצולו מהם, ועצה היחידה הוא לבקש מהקב"ה שהוא יציל אותנו מיד הזאבים וצריך ליתן שבח והודיה לבוכ"ע על הנסים שנשארו עוד קצת מישראל ע"י כח השבועה של לא מאסתים וגו' וצריך לידע שניצלנו להרבות כבוד שמים בעולם...

**(דברי יואל וישב שי"ג)**





קאַפּיטל 42.

# די רשעים האבן נישט קיין שליטה

דער רבי זי"ע האט זוכה געווען צו זיין ממש דער איינציגער וואס האט נישט צוגערירט צו די בארד אין לאגער. עס ווערן דערציילט וואונדערליכע זאכן ווי אזוי דער רבי זי"ע איז געראטעוועט געווארן בדרך נס ממש פון אפשערן די בארד.

זייענדיג אין בערגען בעלזן איז אין א טאג אנגעקומען א באפעל אז אלע אידן מוזען זיך שטעלן צום אפעל, מען איז געשטאנען אויסגע'שורה'ט אין לאנגע רייען אין די רשעים האבן דורכגעקוקט יעדן איינעם. דער פחד איז געווען געוואלדיג ווייל ווען זיי האבן געכאפט א איד מיט א בארד האבן זיי אים געפייניגט אויף א שרעקליכן וועג, זיי האבן גענומען א דין שטעקעלע און ארויפגעדרייט יעדעס האר עקסטער און אזוי אויס־געריסן די האר מיטן פלייש צוזאם.

ווען עס איז געקומען די רייע פון רבי'ן אדורכצוגיין האט ער זיך גענומען איבערקוקן די בארד מיט א פארגרעסערונג גלאז. די מקורבים פון רבי'ן האבן געציטערט פאר די אונטערזוכונג, טאמער ח"ו וועט ער עפעס טרעפן וועט זיין ביטער. דער רשע

ונקדשתי בתוך בני ישראל

...אם הוא אדם גדול וחסיד וירא שמים וכו' רשאי לקדש השם ולמסור עצמו אפי' על מצוה קלה...

(יורה דעה סי' קנ"ז ש"ך סק"ב)



האט זיך גענומען דורכקוקען יעדעס האר מיטן שטעקעלע, אבער האט גארנישט געטראפן, די בארד איז געווען קריסטאל ריין, האט ער אפגעלאזט דעם רבי'ן. (עי' השמטה בסוף הספר)

— • —

קאַפּיטל .43

## אין בערגן בעלזן

נאך א נסיעה פון גאנצע צען טעג איז די באן אנגעקומען צו די שטאט האנאווער אין דייטשלאנד, זונטאג י"ח תמוז, (שבעה עשר בתמוז איז אויסגעפאלן שבת און דער תענית איז נדחה אויף זונטאג) דארט זענען זיי אויסגעשטיגען פון די באן און זענען ארומגערינגעלט געווארן פון טויזנטער דייטשע סאלדאטן וועלכע האבן זיי געהייסן גיין. זיי האבן געדארפט שלעפן די פעקלעך צופים, א גרויסן מהלך ביז מען איז אנגעקומען צום לאגער אין בערגן בעלזן.

— • —

קאַפּיטל .44

## לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע דבר ה'

אין אזא נעבעכדיגן מצב זענען זיי אנגעקומען קיין בערגן בעלזן, מען האט זיי פּלאצירט אין צימערן, עס זענען געווען פילע בעטן אין איין גרויס צימער, די בעטן זענען געווען צוויי שטאקעדיגע. יעדער האט באקומען א בעט אויבען אדער הינטען. עס איז שוין געווען פארנאכטס, עס איז שוין אונטערגעגאנגען די זון. אויך די געציילטע אידן וועלכע האבן געפאסט דעם תענית





פון שבעה עשר בתמוז נדחה האבען שוין געהאט אויסגעפאסט נאכדעם וואס זיי זענען געווען אפגעשוואכט פון די שווערע צען טאגיגע רייזע כמעט אן א עסן, אבער דער רבי זי״ע האט נישט געוואלט עסן, עס איז שוין געווען עלף אזייגער ביינאכט און דער רבי האט נאך אלץ נישט אויסגעפאסט, ווייל עס איז דארט נאכנישט געווען ממש נאכט. דער רבי זי״ע האט געווארט ביז חצות הלילה, און אפשר נאכמער, ביז ער איז געווען זיכער אז ס'איז שוין ממש נאכט, אזוי ווייט איז דער רבי זי״ע געווען אפגעהיטן ביי א תענית דרבנן, א נדחה, נאך צען טעג כמעט נישט עסן אין אזעלכע אומשטענדן (הגה״צ מאודוואר קו' בערגן בעלזן).

פון דעם קענען מיר זען עטוואס פון זיין צדקות פרישות און זהירות אויף יעדן דקדוק מצוה אויך אין די ערגסטע זמנים אונטער די שווערסטע אומשטענדן.

— • —

✤ קאַפיטל 45. ✤

## ❁ ונקדשתי בתוך בני ישראל ❁

אין בערגען בעלזן, אונטער די הערשאפט פון די נאצים, ווי דאס לעבן איז געהאנגען אויף א האר מען איז געווען אויסגעשטעלט אויף יסורים און ליידן, מען האט געליטן הונגער און דארשט, מען איז געווארן צעבראכן און פארחושכ'ט, מען האט פארלוירן יעדן אינטערעס צום לעבן, מענטשן האבן פארלוירן יעדן מענטשליכען געפיל, גרויסע מענטשן, געלערנטע, אינטעליגענטע, הויך געבילדעטע, זענען געווארן פונקט ווי חיות, די הרגשים און חושים זענען געווארן פארשטיינערט. מען האט זיך ארומגעריסען אויף א שטיקל ברויט אדער א קארטאפעל, עס







האט זיך געזען בחוש דער מותר האדם מן הבהמה אין, דא האט זיך ערשט ארויסגעוויזען דאס געהויבענקייט, די הייליגקייט, דאס גדלות צדקות און קדושה פון רבינו הקדוש.

אויב בשנים כתיקונם האט רבינו הקדוש שטענדיג באהאלטן זיין גרויסקייט אונטער א שלייער פון פשטות, ער האט געזוכט צו פארדעקן זיין קדושה וטהרה, זיין מדריגה גבוהה, האט זיך דאס הויכע געשטאלט פון דעם קדוש עליון ארויסגעהויבען אין בערגען בעלזן, אויך דא אונטער די שווערסטע אומשטענדן האט ער זיך נישט גערירט כמלוא נימא פון זיין הייליגן דרך. דער רבי זי״ע האט נישט געגעסן קיין שום עסנווארג פון לאגער נאר וואס די רעבעצין תחי׳ האט צוגעגרייט פאר אים בתכלית הכשרות, איר מסירות נפש פארן געזונט פאר רבינו הקדוש איז געווען אן א שיעור. זי פלעגט אין איר אייגענע כלי ארייגלייגען דעם מאכל געריבענע קארטאפעל אדער אביסעל גריז און דאס טראגען צו דעם פלויט פונעם חצר ביז זי האט געטראפן איינעם וואס זאל דאס וועלן צוטראגן צו די קאך, דארט זענען געווען צוויי פארלעסליכע פרויען וועלכע האבן אכטונג געגעבן אז עס זאל

..."וחי בהם" יש לפרש שכל חיותו יהיה בם שכל עשיותיו ותנועותיו ועסקיו יהי׳ רק בתורה ובמצוות וזולתן לא יהי׳ לו שום חיות בעולם וכ״כ יהי׳ דבוק ונתעצם עם התורה והעבודה והמצוות עד שאם ירצו להעבירהו על אחת ממצוות ה׳ יפסק חיותו וכו׳. הצדיקים הדבוקים בו ית״ש וכל עסקם וכו׳ בתורתו ועבודתו ופורקים מעליהם לגמרי עסקי העולם השפל ומשתוקקים לתכלית האמיתי באהבה עזה ונפלאה עד שעיקר חיותם היא רק בתוה״ק מחוייבים למסור נפשם על כל עבירות ומצות הקלות לאשר כי הן חיותם ממש...

(ישמח משה פ׳ תשא ע׳ קפ״ח).





געקאכט ווערן אויפן כשר'ן וועג, טיילמאל איז זי געשטאנען לאנגע שעה'ן ביז מען האט איינעם געטראפן און דערנאך האט זי געווארט ביז מען וועט דאס צוריק ברענגען און זי האט דאס געטראגן צום רבי'ן ער זאל זיך דערהאלטן דאס חיות דערמיט.

שפעטער האט דער רבי נישט געוואלט אז דאס עסן זאל געקאכט ווען אין די אלגעמיינע קאך צוליב חששות און חומרות, האט די רעבעצין געהאלטן דאס טעפל מיטן קארטאפל איבער א לעכט וואס דער רבי איז געזעסן דערביי, אזוי איז זי געשטאנען א לאנגע צייט אירע הענט האבן געברענט פאר די היץ ביז דער קארטאפעל האט זיך אפגעקאכט.

— • —

קאַפיטל 46.



# מסירות נפש אויף נקיות און טהרה



זיין נקיות און טהרה איז געווען ממש וואונדערליך, ער האט אוועקגעגעבן דאס עסן כדי צו פארשאפן פאפיר פאר די הכנות, ער האט זיך מכין געווען צום דאווענען לאנגע שעות כדרכו בקודש אז ער האט זיך מוסר נפש געווען צו האבן א גוף נקי צו תפילה. פאר צען פאפירן האט ער אוועקגעגעבן איין סעודה.

דער בלוזשאווער רבי שליט"א האט זיך אויך געפינען אין בערגען בעלזען אין אן אנדערן הויף ממש נאענט צו דעם הויף ווי דער רבי האט געוואוינט, אבער עס איז געווען פארבאטן צו רעדן פון איין הויף צו אנדערן, און כאטש עס איז געווען גאר נאענט און נאר א דינער פלויט פון דראט האט אפגעטיילט צווישען זיי איז נישט מעגליך געווען צורעדן, ווייל א סאלדאט איז געשטאנען און אכטנג געגעבן אז מען זאל נישט רעדן. ווען דער





רבי האט געוואלט רעדן מיט בלוזשאווער רבין האט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו אן אנדער ריכטונג און דער בלוזשאווער האט זיך אויסגעדרייט צו די פארקערטע ריכטונג און אזוי האבן זיי גערעדט, אן דעם אז מען זאל באמערקען אז זיי רעדן איינער צום אנדערן (קו׳ בערגן בעלזן). איינמאל האט דער דער בלוזשעווער רבי אריבערגעשיקט דורך דעם פלויט א קוויטעל צום רבי׳ן, און פאר א פדיון האט ער געגעבן א קילא פאפיר, אזוי חשוב איז געווען פאפיר ביים רבי׳ן אין לאגער. די קדושה און טהרה איז ביי אים געווען דאס וויכטיגסטע פיל וויכטיגער פון די צרכי הגוף וועלכער ער האט ממאס געווען. זיין הייליגער גוף איז געווען אזוי אויסגעארבעט, אז ער האט נישט פארלאנגט קיין עסן נאר ממש מיעוטא דמיעוטא צו דערהאלטן דאס חיות, אבער ווען עס האט זיך געהאנדעלט אין טהרה און נקיות וואס דאס איז דער יסוד פון קדושה האט ער זיך מוסר נפש געווען.

— • —

קאַפיטל .47

## מסירות נפש פאר נטילת ידים

מערקווירדיג וואס עס דערציילט איינער פון די פליכטליגען אין בערגן בעלזן מר. קויפמאן, ער איז ווייזט אוים געווען געגצליך א פרייער, און האט נישט געהאט קיין השגה און געפיל פון די גרויסקייט פון רבי׳ן, ער איז געווען דער ממונה אכטונג צו געבן אויף די ריינקייט אין באראק וואו דער רבי האט געוואוינט, זיין אויפגאבע איז געווען צוקאנטראלירן דעם גאנצן באראק עס זאל נישט זיין שמוציג, ווען ער איז אנגקומען צום רבי׳נס פלאץ האט ער באמערקט א גריבעל וואסער, האט ער דערלאנגט א פאטש פארן רבין, און אים אנגעשריגען אז מער זאל דאס נישט פארקומען, אופצומארגענס האט ער ווייטער געטראפן א גריבל





פול מיט וואסער ביים רבי'נס פלאץ, האט ער נאכאמאל געגעבן א פאטש פארן רבי'ן און אים מזהיר געווען דערויף, דער רבי האט גארנישט רעאגירט. אזוי האט זיך די זאך איבערגעחזרט אפאר מאל, ביז ער האט איינגעזעהן, אז דאס איז נישט קיין פשוט'ע זאך, האט ער זיך מיישב געווען ער זאל צורוה לאזען דער רבי'ן [דאס וואסער איז געווען – פארשטייט זיך – ווייל דער רבי האט זיך אלץ געוואשן די הענט, ער האט זיי געהיט בנקיות ובטהרה]. שפעטער איז ער געקומען בעטן מחילה פון רבי'ן אויף וואס ער האט אים מצער געווען דער רבי זי"ע האט איך געשיקט פעקלעך עטליכע מאל נאך די מלחמה. (מאחד ששמע מפי בעל המעשה).

אויך די פרייע וועלכע האבן זיך געפונען אין בערגען בעלזן האבן זיך נישט געקענט אפוואונדערן אויף דעם רבינ'ס ריינקייט, דער אויבנדערמאנטער ד"ר קענעדי האט דאס באצייכנט שרייבענדג „אויך אין דעם שמוציגען באראק איז דער רבי געבליבן קריסטאל ריין, דאס מורא'דיגע שמוץ האט נישט געהאט קיין שליטה אויפ'ן רבי'ן". (עי' השמטה בסוף הספר)

— • —

קאַפּיטל 48.


# די עבודת הקודש פון רבי'ן אין בערגן בעלזן


מצינו אברהם אבינו ע"ה שהפיל אותו נמרוד לכבשן האש ויצא בשלום, וכשבא לא"י וכו' אמרו יושבי המקום ההוא מחמת שזה המין בא אצלנו אירע לנו מקרה זה (נועם אלימלך אגה"ק).

אין בערגען בעלזן האבן די שונאים פון רבי'ן זיך פול אפגערעדט אויף זיין בארד, זיי האבן געטענה'ט אז צוליב די





בארד ליידן זיי אלע צרות. אויב האט מען זיך שטרענגער אויפגעפירט צו זיי, האבן זיי באשולדיגט דעם רבי'ן זי"ע, ווייל ער האט א בארד פירט מען זיך אויף צו זיי מיט רשעות. די תרעומות פון די חופשים זענען אנגעקומען צו די אויערן פון רבי'ן און עס האט אים זייער ווי געטאן אז מען זאגט אזוי. איינמאל בשעת אלע זענען געזעסן צוזאמען אינמיטן טיילן דאס עסן איז דער רבי צוגעגאנגען צו זיי און אויסגערופן היות איך האב געהערט אז מען רעדט זיך אפּ דאס מען ליידט צרות צוליב מיין בארד זאלט איר וויסן אז אויב איינער וועט מיר זאגן אז ער ליידט צרות פון מיין בארד בין איך גרייט די בארד אראפּצונעמען. און וואונדערליך ביז גאר, קיינער האט נישט געזאגט קיין ווארט אלע זענען געבליבן שטיל.

דער רבי איז זייער ווייניג געשלאפן מען האט אים שטענדיג געזען אויפזיין, דער אודווארער רב שליט"א וועלכער איז געשלאפן נאענט צום רבי'ן זאגט עדות אז ער האט קיינמאל נישט געזען דעם רבי'ן שלאפן און נישט געזען אויפשטיין, ער האט זיך געלייגט שפעטער פון יעדן און אויפגעשטאנען פריער פון יעדן. אין שטוב פלעגט מען אויסלעשן די ליכטיגקייט גאר פרי, גלייך ביים אנפאנג נאכט, אבער דער רבי האט זיך ארומגעדרייט אין צימער ארויף און אראפּ פארטיפט אין זיינע הייליגע געדאנקען, אדער האט ער געלערנט אויסעוויינג ביז גאר שפעט נאך חצות, דער רבי פלעגט אויך שטיין ביים פענסטער פון צימער לאנגע שעות מיט זיינע הייליגע און טיפע כוונות.

אין אויבנדערמאנטען ארטיקל שרייבט ד"ר קענעדי „דאס קול פון רבי'ן האט מען געקענט הערן כמעט א גאנצען טאג, ער האט נישט גערעדט, מיר האבן אים נישט געהערט רעדן, ער האט געדאווענט א גאנצן טאג, אדער האבן מיר אים געהערט לערנען, דער רבי האט געהאט א טרויעריגן ניגון, א וויינענדיגע תנועה, וואס האט אונז אויפגעוועקט אין די שפעטע נאכט שעה'ן און



האט אונז נישט געלאזט איינשלאפן, איך האב אויפגעכאפט די תנועה, און פילע יארן שפעטער האט די תנועה געזשימעט אין מיין קאפ אליץ טרויעריגער אנדענק פון יענע שרעקליכע טעג, דעם רבי'נס טרויעריגע ניגונים האבן נערוועז געמאכט עטליכע איינוואוינערס פון צימער, אבער נישט מיך, איך האב גוט געוואוסט אז מיט די תנועות דאוועגט דער רבי צום באשעפער ער איז מעורר רחמים און קעמפט קעגן דעם שרעקליכן גזר דין און איז מתפלל אויף די ישועה".

— • —

קאַפּיטל 49.

## דער כח פון רבי'נס א תנועה

תהלת ה' ידבר פי ויברך כל בשר שם קדשו וגו' כשהצדיק מהלל ומברך לה' ע"י כוח תפלתו הוא מכניס הרהורי תשובה בלבות כל בני אדם והם נפעלים מכוחו לברך ולהלל את ה'. (ייטב לב).

וועגען דעם כח פונם רבינ'ס א תנועה האט דערציילט א חשובער רב שליט"א א מעשה פלא וואס האט ביי אים פאסירט ווי פאלגנד: „אין דעם לאגער ווי איך בין געווען איז געווען ממונה איבער אונז א קאפוי א גרויסער סאדיסט וועלכער האט זיך אויסעצייכנט מיט רשעות און שנאת ישראל. ווער עס האט נישט געארבעט פלינק און געשיקט האט געכאפט מכות רצח, נישט איינמאל בין איך אריינגעפאלן אונטער זיינע הענט, און געכאפט פון אים מכות אכזריות.

אין יענע ביטערע טעג האב איך מיך אליץ דערמאנט אין די צורה פון רבי'ן, איך פלעג אפט פארן צום רבי'ן אויף ימים טובים, עס זענען אויפגעשווימען אויף מיינע געדאנקען די הייליגע תפלות





די טישן די שיינע תנועות וועלכע דער רבי פלעגט זיך אונטערזינגען ביים טיש און ביי די שלש סעודות תורות.

אינמיטן די שווערע ארבעט ווען איך פלעג מיך צו דערמאנען די זיסע זכרונות און אונטערזינגען א תנועה פון רבי'ן האב איך געשוועבט אין גאר אן אנדערע וועלט, איך האב פארגעסן פון אלע צרות און יסורים דאס האט אין מיר ארייננגעגעבן פריש חיות. איינמאל ביינאכט בין איך געווען שטארק אראפגעקלאפט און דערביטערט, נאכדעם וואס איך האב בייטאג געכאפט מכות רצח פון דעם קאפוי, האבן מיך מיינע זכרונות געטראגן גאר ווייט איך האב מיר אונטערגעזינגען א ניגונ'דל וואס איך האב געהערט פון רבי'ן.

פלוצים זע איך פאר מיר דעם קאפוי דער אכזר, מיין נשמה איז שיעור נישט ארויסגעפלויגן פאר גרויס שרעק, קוים האב איך געכאפט פון אים ביטערע שלעק און דא זינג איך א ניגון. צו מיין וואונדער האט ער מיר נישט באפאלן אזוי ווי זיין שטייגער, איך האב באמערקט אויף אים אז עס האט זיך עפעס א טרייסעל געטאן אין אים.

דער קאפוי האט זיך געווענדעט צו מיר מיט א פראגע פון וואו קענסט דעם ניגון? איך האב נישט געהאט וואס צו באהאלטן פאר אים, האב איך אים פונקטליך דערציילט אז איך פלעג אפט צו פארן צו א גרויסען רבי'ן אין די שטאט סאטמאר און פון אים האב איך געהערט דעם ניגון.

דו קענסט מיר אפשר זאגן פון וואו דער רבי שטאמט? האט ער מיך ווייטער געפרעגט, האב איך אים דערציילט אז דער רבי שטאמט פון סיגעט און ער איז געווען א איידעם בזוו"ר ביי הרה"צ ר' אברהם חיים הארוויץ זצ"ל פלאנטשער רב און נאכדעם וואס די רעבעצין איז נפטר געווארן האט ער חתונה געהאט בזוו"ש צו



די טאכטער פון הרה"צ ר' אביגדר שפירא זצ"ל טשענסטחובער רבי.

ווען איך האב ארויסגעזאגט דעם נאמען פלאנטשער רב האט ער זיך א כאפ געטאן ווי איינער וואס דערמאנט זיך אין עפעס, נאכדעם וואס ער האט מיך אויסגעפרעגט מיט חקירות און דרישות, זענען אין אים ערוועקט געווארן אלטע זכרונות פון זיינע קינדערישע יארן.

ער האט זיך דערמאנט פון זיין יונגענט ווען ער האט נאכנישט געהאט פורק געווען עול תורה און מצוות און ער האט מיר דערציילט ווי פאלגענד: „ווען איך בין געווען א אינגעל האט מיך מיין טאטע מיטגענומען צו די חתונה פון פלאנטשער רב'ס טאכטער וועלכע האט געהייראט צו אייער רבי'ן. די שיינע ניגונים וואס איך האב געהערט אין פלאנטש אין יענע טעג זענען אריינגעדרינגען טיף אין מיין מוח פון דעמאלט זענען אדורך פילע יארן יעצט ווען דו האסט געזונגען דיין ניגון האב איך מיך דערמאנט אז איך האב דעם ניגון געהערט אלס קינד ביי די חתונה [כידוע האט רביה"ק געזינגען עטליכע ניגונים וואס ער האט געברענגט פון זיין שווער אין פלאנטש].

פון יענעם טאג – האט פארגעזעצט דער רב – האט דער קאפוי מער נישט געשלאגן קיין איד, זיין ארבעט האט ער געטאן נאר יוצא צו זיין א יעדן טאג איז ער אריינגעגאנגען אין א פארשלאסענעם צימער אויף עטליכע שעה. מען האט דערקענט אויף אים אז עס האט זיך דערוועקט אין אים דער אידישע פונק, עס האט אים טיף געעגבערט וועגן זיין אויפירונג און זיין הפקר לעבן, ער איז אריינגעפאלן אין א מרה שחורה, פון טאג צו טאג איז זיין פנים מער און מער איינגעפאלן, ביז ער איז געצייילטע וואכן שפעטער געשטארבן פאר הארץ עסעניש אין לאגער, מען האט געזען בחוש אז דורך דעם ניגון וואס איך האב מיר אונטער־







געזינגען האט ער מהרהר בתשובה געווען און געשטארבן פון הרהור תשובה״. האט דער רב פארענדיגט זיין ערציילונג.

דער רבי פלעגט דאווענען יעדען טאג שחרית ביחידות לאנגע שעה׳ן נאכדעם וואס ער האט געהערט קדיש קדושה און ברכו ביים מנין, דער רבי האט זיך געהאט זיין ווינקל דארט איז ער געשטאנען און געדאווענט ביז שפעט נאכמיטאג, ביז פארנאכטס האט אנגעהאלטן דער רבינ׳ס דאווענען, תהלים זאגן, און זיינע טעגליכע שיעורים ערשט דעמאלט האט ער עפעס טועם געווען, עטליכע מאל אין דער וואך פלעגט דער רבי פאסטן אבער ער האט פאר קיינעם נישט דערציילט אז ער איז שרוי בתענית. אין לאגער פלעגט מען זאגן „דער סאטמארער רבי פאסט צוויי דריי מאל אין דער וואך, און די איבעריגע טעג עסט ער פשוט נישט...

— • —

קאַפיטל 50.

## זיין ליבשאפט צו יעדן איד

די נאצים האבען דורכגעפירט אן „אפעל״ יעדן טאג. יעדער ארעסטאנט האט זיך געדארפט שטעלן צום אפעל וואס האט געדויערט א לאנגע צייט, און איז געווען פארבינדען מיט גרויס פלאג, מען האט געמוזט שטיין אינדערוויסן אין הויף אין א רייע. און די עס עס לייט ימ״ש האבען איבערגעציילט די מענטשן. די ערשטע צייט איז דער רבי נעגאנגען צום אפעל גלייך מיט יעדן ער האט נישט געוואלט זיין קיין אויסנאם. ווען דער רבי איז געשטאנען אין די רייע פלעגט ער נישט קוקען אין די זייטן ער האט אראפגעלאזט די אויגן צו די ערד און איז געווען פארטראכט אין זיינע הייליגע געדאנקען. נאך עטליכע וואכן האט דאקטאר קליין – וועלכער איז געווען דער דאקטאר פונם לאגער – פארגעשלאגן פארן רבין אים צובאפרייען פון דארפן גיין צום







אפעל, ער האט געהאט די רעכט אלס דאקטאר צו באפרייען די ארעסטאנטען וואס ער האט איינגעזען. האט דער רבי נישט געוואלט מסכים זיין דערצו נאכדעם וואס מען האט אים שטארק געבעטן האט ער געזאגט פארן דאקטאר אז ער איז מסכים ער זאל אים באפרייען נאר מיט איין באדינג אז ער וועט אים צוזאגען אז דאס וועט דעם דאקטאר נישט מאכן קיין פראבלעמען, און ער וועט גארנישט ליידען דורכדעם וואס ער באפרייט דעם רבין פון שטיין אינדערויסן. פון דעמאלס איז דער רבי געזעסן אין צימער ווילאנג מען האט דורכגעפירט דעם אפעל.

— • —

קאַפיטל 51

## שבת קודש אין בערגן בעלזן

שבת האט דער רבי געהאט א מנין ביי זיין בעט, דער רבי פלעגט נישט דאווענען פארן עמוד און אויך נישט בענטשן ראש חודש, געווענטליך איז דער אודווארער רב געווען דער בעל תפלה.

פרייטאג צו נאכטס האט דער רבי קידוש געמאכט אויף ראזשינקעס וויין וואס מען האט אים צוגעגרייט יעדע וואך, אויף לחם משנה האט ער געהאט צוויי ברייטלעך. אין די טונקעלקייט פון די נאכט פלעגן געציילטע מענטשן צו טאפן ביז זיי זענען אנגעקומען צו רבי'נס בעט צום „טיש", מען האט געזינגען שלום עליכם מיטן באקאנטען ניגון ביז נאכן בענטשן, דער רבי האט נישט געזאגט תורה. ביי שלש סעודות זענען עטליכע מענטשן געזעסן נעבן רבי'ן דער רבי אליין האט געזינגען בני היכלא—בבואו מאדום און געזאגט הויך ה' מלך כאטש עס איז נישט געווען קיין מנין, ער האט נאכגעזאגט פון קדושת יו"ט אז ה' מלך קען מען זאגן אן מנין. דער רבי האט זייער מחמיר געווען







אין זמן פון מוצאי שבת ווייל מען האט נישט געוואוסט ווען פונקטליך איז צאת הכוכבים, האט ער מחמיר געווען כמעט ביז האלבע נאכט.

— • —

### קאַפּיטל 52.

## דער ערשטער טראנספארט קיין שווייץ

אנהייב חודש אלול איז אפגעפארן דער ערשטער טראנספארט ארום **300** מענטשן פון בערגן בעלזן קיין שווייץ, צווישען זיי אויך הגה״צ ר׳ יונתן שטייף זצ״ל.

אין די צייט וואס הגה״צ ר׳ יונתן שטייף האט זיך געפונען אין בערגען בעלזען האט דער רבי מיט אים געלערנט אסאך בחברותא, זיי האבן נישט געהאט קיין ספרים זיי האבן גע׳חזר׳ט ש״ס בעל פה. דאס ידידות און ליבשאפט צווישן רבי׳ן אין ר׳ יונתן אין געווען גאר שטארק, זיי האבן זיך געהאלטן ממש ווי צוויי ברידער. [שפעטער זייענדיג אין אמעריקע האבען זיי ביי זייערע אפטע צוזאמקומען פארברענגט מיט גרויס אהבה, הגה״צ ר׳ יונתן זצ״ל פלעגט צו קומען צום רבי׳ן צו די טישן ער איז געשטאנען פארן רבי׳ן מיט געוואלדיגע הכנעה און התבטלות.

עס איז באקאנט אז איינמאל הושענא רבה ווען ר׳ יונתן איז געקומען צום רבי׳נס הושענות כדרכו, ער פלעגט אפצודאווענען אין זיין ביהמ״ד און דערנאך איז ער אריבער געקומען צום רבי׳ן, האט ער געהערט אינמיטן די הושענות דרשה ווי אזוי דער רבי איז זיך מתמרמר אויף זיך אליין אז ער איז א בעל עבירה, ער איז אלעס שולדיג, כדרכו בקדש מיט זיין הכנעה זיך משפיל צו זיין, ווען ר׳



יונתן האט געהערט ווי דער רבי זאגט אויף זיך אזעלכע דיבורים, האט ער אויסגערופן „עס איז ניקס אמת!, עס איז ניקס אמת!".

ווען ר' יונתן איז נסתלק געווארן אין יאר תשי"ז האט אים דער רבי מספיד געווען מיט גרויסע בכיות, אנהייבענדיג מיטן פסוק „צר לי עליך אחי יהונתן וגו' נפלאת אהבתך לי וגו'"].

דער רבי זי"ע האט געהאט עגמ"נ פארוואס ער האט נישט געוואוסט פאראויס פון די נסיעה ווואלט ער אויך געקענט מסתמא ערלעדיגן ער זאל מיטפארן. איך האב געזאגט פארן רבי'ן – שרייבט דער אודווארער רב – אז פאר אונז די פארבליבענע איז אוודאי בעסער אז דער רבי איז מיט אונז, ווייל אין זכות פון רבי'ן זענען מיר שטארק פארזיכערט אז השי"ת וועט רחמנות האבן אויף אונז, און אויך אין די דערוויסענדיגע וועלט ווען זיי וועלען הערן אז דער רבי געפינט זיך דא וועלן זיי טאן אלע שתדלנות אונז צו ראטעווען, דעמאלט האט זיך דער רבי בארואיגט. (קונטרס בערגן בעלזן).

— • —

קאַפּיטל 53



# די געטרייע תלמידים זוכן דרכי הצלה



אין דער זעלבער צייט וואס דער רבי זי"ע איז געווען אין געפענגעניש האבן טאקע זיינע טרייע חסידים נישט גערוהט, זיי האבן געזוכט עצות ווי אזוי צו ראטעווען דעם רבי'ן. איין פעולת הצלה איז געטאן געווארן דורך דעם חסיד נלהב פון די נאענטע מענטשן פון רבי'ן הרה"ח ר' צבי פנחס הכהן מאשקאוויטש ז"ל. ר' הערש פנחס וועלכער האט געוואוינט אין ירושלים עטליכע יאר







בעפאר און איז געווען דער גרינדער פון רבי'נס ביהמ״ד אין ירושלים עה״ק, האט מיט א צייט בעפאר זיך געשאפן א פארבינדונג מיטן ענגלישן קעניג, ווען עס איז געקומען די ידיעה אז רבינו הקדוש איז אין געפענגעניש האט ר' הערש פנחס געשריבען א בריוו צום ענגלישן קעניג מיט הארציגע בקשות און תחנונים ער זאל טאן פעולות צו ראטעווען דעם רבי'ן, ער שלאגט פאר מען זאל אים טוישן פאר דייטשע מלחמה געפאנגענע. ער האט געשילדערט פארן קעניג די גרויסקייט פונעם רבי'ן, און אז ער האט אנהענגערס אין פילע מדינות איבער די וועלט, דער רבי איז אין א עת צרה און דו קעניג ביזט אויך אין א צרה, אויב וועט איר זיך באמיען צוראטעווען דעם רבין פון זיין צרה וועט איר אויך געראטעוועט ווערן פון יעדע צרה.

ר' הערש פנחס האט שפעטער באקומען אן ענטפער פון קעניג אז די זאך איז איבערגעגעבן געווארן צום מינסטעריום, וועלכער האט געהאלטן אן אויג ווי דער רבי געפינט זיך.

— • —

### קאַפיטל 54.

## ממעמקים קראתיך ה'

אזוי איז אדורכגעלאפן דער זומער און עס האבן זיך דערנענטערט די ימים הנוראים. די עבודת הקדש פון רבי'ן אין די צייט איז געווען אן עבודה פון צעבראכענקייט, אין א מצב פון צרה ויגון אמצא ובשם ד' אקרא. דער רבי איז געווען איינגעהילט אין זיך, ער האט זיך אלץ מתבודד געווען אין זיינע הייליגע רעיונות. דער מצב הנורא האט אים נישט מבטל געווען פון עבודת השי״ת, דאס איז מער געווען אן עבודה פון ממעמקים קראתיך ה', אין דעם ים פון צרות און פיין, זייענדיג געפלאגט און געפייניגט, ווען ער איז דער ציל ברעט פון די גיפטיגע פיילען, די







חיצים ובליסטראות, וואס עס האבען געווארפען אויף אים די ראשי הציונים, האט דער קדוש עליון אויך נישט מסיח דעת געווען פון השי"ת, אלע זענען געווען עדות די ערליכע אין די פרייע, זיינע חסידים און קעגנער, ווער עס האט אים געזען אין דעם צושטאנד, „כי גדול בקרבך קדוש ישראל". און אויך זיינע שונאים בנפש האבן שפעטער געמוזט בייגען דעם קאפ און בטל געווארן קעגן דעם אדם הגדול בענקים.

דער רבי זי"ע האט זיך אמאל אויסגעדריקט אין מצב פון שפלות און צעבראכנקייט, אז אין אזא צייט איז די עבודת השם אין א בחינה פון א קרבן עולה אזוי ווי חז"ל זאגן (סנהדרין דף מ"ג) בזמן שבית המקדש קיים אדם מקריב עולה שכר עולה בידו וכו' אבל „מי שדעתו שפלה מעלה עליו הכתוב כאילו הקריב כל הקרבנות כולם" האט דער רבי זי"ע געטייטשט דעם פסוק „עולת תמיד העשויה בהר סיני" ווי אזוי קען א מענטש מקריב זיין א קרבן עולה „תמיד" שטענדיג אן אויפהער, „העשויה בהר סיני", אויב ער מאכט זיך אזוי שפל אזוי נידעריג פונקט ווי דער בארג סיני, וואס איז געווען דער נידעריגסטער בארג. אט דאס איז געווען די בחינת עבודה אין די ביטערע טעג אין בערגען בעלזן, ווען דער רבי האט זיך באהאלטן זיין דיוקנא קדישא, געטוישט זיינע מלבושים, ווען מען האט געציטערט יעדע מינוט ופחדת לילה ויומם, איז ער אלץ אנגעגאנגען מיט די עבודה, ער האט זיך מקריב געווען פארן באשעפער אלץ עולת תמיד ער איז געווען גרייט יעדע רגע פאר מסירות נפש אויף יעדע מצוה אויף יעדן איסור דרבנן אויף יעדן מנהג.

מיר האבן ווייט נישט קיין השגה פון זיין הייליגע עבודה בשנים כתיקונם, און על אחת כמה וכמה אין אזא צייט, מיר באגרייפען נישט אפס קצהו פון די מדריגות און קדושה פון רבינו הקדוש, פון די התנהגות זיינע, אין די ימים רבים של צער זעען









מיר אבער – לויט אונזער קורצן שכל – לויט אונזערע פשוט'ע באגריפן – וויפיל מיר פארשטייען.

נאענט צו ראש השנה האט דער רבי אנגעהויבן צו זארגן פון וואו וועט מען האבען א שופר! נאך פילע אנשטרענגונגען נאכדעם וואס מען האט אונטערגעקויפט די עס עס לייט, האט מען פארשאפט א שופר פון א דערנעבענדיגען לאגער דארט זענען געווען אידישע ארעסטאנטען פון מערב אייראפע, די מערסטע טייל פון האלאנד – דענעמארק – און פראנקרייך. זעלבסטפארשטענדליך אז די שמחה איז געווען גרויס אז מען וועט זוכה זיין מקיים צו זיין די מצות עשה דאורייתא פון תקיעת שופר.

— • —

קאַפּיטל 55.

# א פרי אויף שהחיינו

אזוי ווי דער רבי זי"ע האט זיך משתוקק געווען מקיים צו זיין יעדען מנהג און יעדע תנועה אין די שווערסטע אומשטענדען, האבן די מקורבים ארומגעזוכט צו פארשאפן עפעס א פרי אויף שהחיינו די צווייטע נאכט ראש השנה. נאך פילע זוכענישען האט ר' יוסף אשכנזי געברענגט א פלוים פארן רבי'ן. מען דערציילט אז דער רבי'נס שמחה איז געווען אין לשער, ער האט זוכה געווען מקיים צו זיין דעם מנהג, צו עסן א נייע פרי די צווייטע נאכט ראש השנה. ווער קען דען משיג זיין די מדריגה פון עבודת השי"ת, אין אזא מצב האט אים גארנישט אינטערעסירט זיין גוף, ער האט נישט געדארפט קיין עסן, ער האט אוועקגעגעבן עסן פאר פאפיר, אבער ווען ער האט זוכה געווען צו האבן א פרי אויף שהחיינו איז דאס ביי אים ווערט געווען מער פון כל הון דעלמא, אם יתן איש את כל הון ביתו באהבה בוז יבוזו לו.

(עי' השמטה בסוף הספר)

— • —







✱ קאַפּיטל 56. ✱

# ❁ די דרשה פאר תקיעת שופר ❁

אויף ראש השנה און יום הקדוש האט מען באשטימט פארן רבי'ן א באזונדער צימער צום דאווענען, דארט האבן געדאווענט אנ"ש דעם רבי'נס מקורבים. אבער אזוי ווי דעם רבי'נס מנין האט אנגעהויבן פיל שפעטער צו דאווענען פון די אנדערע מנינים, האט א גרויסער עולם זיך ארייגעשטופט אין רבי'נס צימער און זיך צוגעהערט צו זיין מוספין דאווענען.

דער רבי זי"ע האט געזאגט א דרשה פאר תקיעת שופר, דער רבי האט נאכגעזאגט דעם טייטש פון ישמח משה (תוכחת חיים לראש השנה דף ס"ב) אויפן פסוק „היתקע שופר בעיר" אז דער נביא פרעגט בלשון שאלה און טוט אונז מעורר זיין קוקט אייך ארום, וואו בלאזען מיר היינט שופר? „היתקע שופר בעיר" בלאזען מיר דען שופר אין אונזער שטאט, אין אונזער בית המדרש?, און ווייל מיר בלאזען דא שופר, נישט אינדערהיים, איז די פראגע „ועם לא יחרדו?" ווי קען דען זיין אז מיר זאלן נישט דערציטערט ווערן". (קונטרס בערגן בעלזן).

דער רבי האט געמאכט די ברכות אויפ'ן שופר, ער האט פראבירט צו בלאזען און אזוי ווי עס איז נישט געגאנגען האט ער איבערגעגעבן פאר אן אנדערן.

נישט ווייט פון לאגער זענען געווען אידישע פליכטלינגען וועלכע האבן שווער געארבעט ארום דעם לאגער זיי האבן געזוכט אויסצוגעפונען ווען דער רבי וועט בלאזען שופר און האבן זיך אנגעשטרענגט אריבער צו גיין נעבן בית המדרש בשעת מען וועט בלאזן. אויף זיי קען מען זאגען (שבת ל"ג ע"ב) כמה חביבין מצוות על ישראל, אויך אין זייערע ביטערע לאגע, אינמיטן די עבודת



הפרך, האבן זיי זיך מוסר נפש געווען צו הערן תקיעת שופר. (הגה"צ מאודווארי שם).

— • —

### קאַפיטל 57.

## יום ה' הגדול והנורא

ערב יום הקדוש נאך מנחה האבן די מתפללים פון אלגעמיינעם מנין געבעטן פון רבי'ן ער זאל אריבער קומען דאווענען „כל נדרי" אין זייער באראק, וואס איז געווען פיל גרעסער פון דעם צימער וואו דער רבי האט געדאווענט. זיי האבן שטארק געבעטן אז דער רבי זאל זאגען א התעוררות דרשה פאר כל נדרי, קוים האט דער רבי צוגעשטימט אהין צו גיין.

דער רבי איז אריבער מיט זיין עולם צו זייער מנין און האט געהאלטן א גרויסע דרשה פאר כל נדרי, מיט מורא'דיגע בכיות העכער א האלבע שעה, דער רבי האט גערעדט וועגן דעם תכלית פון אונזער קומען אויף דעם פלאץ מעלה צו זיין ניצוצות הקדושה, עס איז שווער געווען צו פארשטיין די דרשה צוליב די הארצרייסנדע בכיות, דערנאך האט דער רבי געדאווענט כל נדרי. (הגה"צ מאודווארי שליט"א שם).

יום הקדוש בייטאג זענען געקומען הערן דעם רבינ'ס דאווענען אויך א גרופע אסימילירטע אידן, וועלכע זענען געווען גאר ווייט פון אידישקייט. אויך פון די מענטשן זענען גערינען טרערן הערנדיג די תפלה פון רבי'ן. (ד"ר קענעדי אין זיין ארטיקל).

דער רבי האט געדאווענט מוספין מיט געוואלדיג התעוררות, מיט גרויס צעבראכנקייט, און מיט דמעות שליש. אינמיטן די הויכע שמונה עשרה פון מוסף איז אריינגעקומען אין באראק אן אפיציר פון די עס עס און האט באפוילען יעדען ארויסצוגיין צום



אפעל, דער גאנצער עולם איז ארויס אבער דער רבי איז געבליבען אפען פלאץ און האט ווייטער געדאווענט ביז ער האט געענדיגט דאס דאווענען.

דעם שופר וואס מען האט פארשאפט האט מען געוואלט אפגעבן נאך ראש השנה, אבער דער רבי האט געוואלט אז עס זאל פארבלייבען ביז נאך הושענא רבה, ער זאל קענען בלאזען צווישען די הושענות אזוי ווי דער מנהג פון אבותיו הקדושים, וכן הוה דער שופר איז געבליבן ביז נאר הושע"ר.

— • —

קאַפּיטל 58.

## שמחת תורה אין בערגען בעלזן

וואונדערליך ביז גאר זענען די זכרונות וואס ווערן דערציילט פון די וועלכע זענען געווען מיט רבינו הקדוש יענעם שמחת תורה אין די לאגער. דער רבי זי"ע האט געטאנצט די הקפות לאנגע שעות אן אויפהער כדרכו בקודש. עס האט זיך אויסגעשטעלט א רינג ארום דעם רבי'ן און ער איז געלאפען אינמיטן א הין און צוריק מיט א ספר תורה אין זיין ארעם.

אלע איינוואוינערס פון לאגער האט זיך געשטופט פון אינעווייניג און פון דערויסן צוצוקוקען די הקפות פון רבי'ן.

די הקפות זענען געפראוועט געווארן מיט גרויס שמחה כדרכו בקדש, מען האט געזינגען די זעלבע ניגונים וואס מען פלעגט זינגען אין רבי'נס בית המדרש אין סאטמאר. די פרעמדע צוקוקערס האבען זיך נישט געקענט אפוואונדערן פון וואו דער רבי נעמט די כוחות צו טאנצען אזויפיל שעה'ן אין איין צו, א מענטש וואס פאסט כסדר, און ווען ער עסט שוין יא אנטהאלט







זיין עסן אביסעל קארטאפל, ווי אזוי איז דאס מעגליך ער זאל האבן כוחות צו פירן א זעלכע הקפות, וואכן נאך שמחת תורה זענען דעם רבי'נס ניגונים געזינגען געווארן אין די גאנצע לאגער.

וואו איז די פעדער צו שילדערן אזא מעמד, דער רבי זי״ע איז געווען אין גרעסטן שפלות און צעבראכנקייט, זייענדיג אריבער א האלב יאר אין געטא און אין לאגער אונטער די שווערסטע אומשטענדן, זיינע באליבטע תלמידים און חסידים זענען אוועקגעפירט געווארן קיין אוישוויץ און אויסגע'הרג'עט געווארן מיט אלערלי מיתות משונות. מען איז געווען אונטער די הערשאפט פון רשעים עריצים, וועלכע זענען געווען בעלי בתים אויף יעדן, דאס לעבן האט געהאנגען אויף א האר, מען האט נישט געוואוסט מה יולד יום. עס זענען פאריבער די ימים הנוראים אין אזעלכע ביטערע אומשטענדן, אלעס וואס דער רבי זי״ע האט געבויעט און געשאפן צענדליגע יארן איז ארויף אין פלאמען, ער איז געבליבן עלענד צעבראכן, דער גרויסער מנהיג ישראל דער געטרייער פאסטוך איז געבליבען אן זיין שאף, ער האט זיך געפייניגט מיט יסורי הגוף והנפש, און דא פלוצים טאנצט ער און שפרינגט ער מיט התלהבות ביז כלות הנפש, ער פרייט זיך מיט די הייליגע תורה, זינגט און טאנצט, פונקט ווי עס וואלט אים גארנישט געפעלט, ער איז דער גליקליכסטער אויף די וועלט. היאומן כי יסופר אז א בשר ודם זאל קענען גרייכן אזא מדריגה, זאל פארגעסן אלעס און אינגאנצן נישט אינזינען האבן זיך, בלתי לה' לבדו.

נאך ימים נוראים זענען ארומגעאנגען קלאנגען אין לאגער אז מען וועט ארויסשיקען נאך א טראנספארט קיין שווייץ, עס האבן זיך אנגעהויבן וויכוחים אז אויב מען וועט נעמען נאר 300 מענטשן אזוי ווי ביים ערשטן טראנספארט, ווער זאל זיין צווישען די גליקליכע, טייל האבען געזאגט אז די אלטע דארפן פארן ערשט, די אנדערע האבען גע'טענה'ט מ'זאל פאראויס לאזן די













אינגע וועלכע האבן נאך א לאנג לעבן פאר זיך, אנדערע האבן געהאלטן מען זאל ערשט שיקען טאטעס מיט פיצלעך קינדער, און אנדערע האבן געזאגט אז ערשט דארפן גיין די געטרייע ציוניסטן. אבער דאס איז געווען קלאר ביי יעדן אז די פרומע אידן – און אוודאי די חסידים – זאלן זיין די לעצטע ווייל זיי האט יעדער פיינט געהאט צוליב זייער קעגנערשאפט צו ציונות.

— • —

קאַפיטל 59.

## אנגעגרייט אויף חנוכה

אין די לאגער האט יעדער געהאט צוגעטיילט א פארציע פעטס, די פרייע האבן באקומען מארגארין, און די וועלכע האבן געגעסן כשר איז געווען צוגעטיילט א פארציע פוטער, כידוע איז פעטן לעבנסוויכטיג פארן חיות פון גוף, דער רבי זי״ע האט אבער גענומען די פארציע פוטער און דאס באהאלטן, טאמער וועלן זיי פארבלייבן אין לאגער אויף חנוכה זאל ער האבען מיט וואס צו צינדען חנוכה ליכט.

דער סארוואשער רב זצ״ל פלעגט דערציילן אז ער איז אנגעקומען קיין בערגן בעלזן אין כ״ב כסלו, א טאג נאכ׳ן רבי׳נס אוועקפארן, אריינקומענדיג אין באראק איז פאר אים אראפ־געפאלן א פעקל ליכט, צו זיין פארוואונדערונג האט מען אים געזאגט אז אין דעם באראק האט געוואוינט דער סאטמארער רב, און ער האט דאס אוודאי צוגעגרייט אויף חנוכה. דער סארוואשער רב פלעגט דערציילען אז ווען ער איז אנגעקומען קיין אמעריקא און אריין צום רבי׳ן זי״ע האט ער דערציילט לפי תומו אז ער האט געטראפן די ליכט אין באראק און ער האט זיך מחי׳ געווען אז ער האט געקענט מקיים זיין מצוות נר חנוכה, דער רבי זי״ע האט זיך צעשמייכעלט אזוי ווי ער וואלט געוואוסט פון וואס דא רעדט זיך און האט גארנישט געענטפערט.

— • —







### קאַפּיטל 60.

## תשועת ה׳ בהרף עין

מאת ה׳ היתה זאת, פלוצים איז געקומען אינמיטן חודש כסליו דער הויפּט פון די געסטאפּא און האט אויסגערופן אז דער גאנצער לאגער ווערט געפירט קיין שווייץ.

עס האט זיך אנגעהויבן א גרויסער טומעל און אלע האבן זיך גענומען די פּעקלעך, מען האט געמוזט גיין צופוס אין די גרויסע קעלט ביז צו די באן סטאנציע.

אין די נאכט פון י״ט כסלו האט מען אלע ארויפגעזעצט אויף די באן וועלכע האט זיך גענומען רירן אין די ריכטונג פון די שווייצער גרעניץ. אין צווייטן טראנספּארט זענען געווען 1386 מענטשן אריינגערעכנט דער רבי, די רעבעצין, און ר׳ יוסף אשכנזי.

אין דער זעלבער צייט וואס די באן איז ארויסגעפארן פון בערגען בעלזן קיין שווייץ זענען געפירט געווארן פיבערהאפטע פארהאנדלונגען צווישן די שלוחים פון זשאינט און די דייטשען אויף די סומע אויסלייז געלט וואס האט נאך געפעלט צו די אפגעשמועסטע סומע.

פון די דייטשע זייט האט געפירט די פארהנדלונגען דער עס עס אפיציר קורט בעכער ימ״ש, מיטן שליח פונם זשאינט סאלי מאיר. פאר די שווייצער גרעניץ האט זיך די באן געשטעלט און עס איז געגעבן געווארן רשות פאר די פּאסאזשירן אראפּצוגיין פון די באן, זיי זענען געווען פול מיט שרעק הערנדיג אז עס איז שוין ווייטער דא א באפעל זיי צוריק צו שיקן וואס דאס וואלט ח״ו געמיינט דאס ערגסטע.

אויף די אנדערע זייט גרעניץ האט שוין געווארט די שווייצער



באן אויף וועלכע די פאסזשירן האבן געדארפט אריבער גיין, פלוצים האט אן אפיציר אנגעהויבען צו שרייען: שוין זאלט איר אריבער גיין אין די שווייצער באן. ער האט געטריבען דעם עולם און אליין געהאלפן שלעפן די פעקלעך.

דער רבי זי"ע איז געווען אזוי אויסגעמאטערט און איז נישט געווען בכח צו טראגן דאס פעקל און אויך זיין געטרייער משב"ק ר' יוסף האט נישט געהאט קיין כח דערצו. דער רבי האט דערציילט, ר' יוסף האט גענומען א שטעקן און אזוי האבן מירביידע געשטופט מיטן שטעקן דאס פעקל און מיר האבן זיך צעלאכט זעענדיג ווי מיר קוקען אוים.

— • —

קאַפּיטל 61.



# הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל



דער רבי זי"ע האט דערציילט שפעטער אז ווען די באן איז געשטאנען ביי די דייטשע זייט איז אנגעקומען א טעלעגראמע פון הימלער ימ"ש, וועלכער האט געברענט פאר צארן אז די אידן האבן אים אפגענארט און נישט אפגעצאלט די פולע סומע וואס זיי האבן אים צוגעזאגט פאר ראטעווען דעם טראסנפארט. דער

...ואחר שעזר לנו השי"ת שנצלנו ממות לחיים צריכים אנו לידע שמוטל על כאו"א החוב לתקן פגמי נפשו ולעבוד את הבוב"ה בכל תוקף ועוד ולילך בדרך האמת, שרק עבור זה הניח אותנו השי"ת שנהי' דבוקים בו יתברך...
(דברי יואל ויישב ש"ו)







רשע האט געשריבן אין טעלעגראם צום אנפירער פון די באן סטאנציע א קלארן באפעל אז די פאסזשירן זאלן אפגעהאלטן און צוריק געשיקט ווערן.

אבער הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל, דער אנפירער פון סטאציאן האט זיך איינגאנצן נישט וויסנעדיג געמאכט פונעם טעלגעראם, דערפאר האט ער צוגעאיילט דעם עולם שוין אריבער צו גיין די גרעניץ, און ער האט פאר זיך פארשריבן די צייט ווען ער האט ערהאלטן דעם טעלעגראם איין מינוט נאכדעם וואס זיי זענען אריבער די גרעניץ. אט די מינוט האט געראטעוועט דעם טראנספארט. דא האט מען געזען דעם גרויסן חסד פון השי״ת עין בעין, אין די לעצטע מינוט ווען אלעס איז געהאנגען אויף די וואגשאל לחיים או למות, האט דער באשעפער זיך דערבארעמט

...עלי נפשי תשתוחח בהעלותי על לבי ימים מקדם שנות עולמים כשבתו על כסא ממלכתו, בכל מקום בואו הארץ האירה מכבודו, ......... ונאספו אליו עדרים הצמאים לדבר ה׳, אלפי תלמידים חשובים הגונים וישרים, ת״ח בני תורה מופלגים, רבנים ראשי ישיבות ויושבי על מדין, חסידים עובדי ה׳, אשר דבקה נפשם באורו .......... ולכל בני ישראל היה אור במושבותם מכוחו ופעולתו של צדיק יסוד העולם אשר אורו זרח למרחקים, לקצווי ארץ וים רחוקים, עד אשר בא השבר הנורא ......... באכול האש את שש מאות רבוא הקדושים, ובתוכם תלמידיו היקרים, ישישים וגם נערים, **ובדרך נס נפלא ניצל כ״ק מרן דודי זי״ע מעמק הבכא. בחמלת ה׳ עליו להוציאו מתוך ההפיכה, כי למחיה שלחו אלקים עמנו, לשום לנו שארית בארץ.**

**(הקדמת כ״ק אדמו״ר שליט״א לשו״ת דברי יואל)**

אליך זעקו ונמלטו בך בטחו ולא בושו

ובפלטנו ותצמח המשכח לך

חסדי ה׳ כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו







אויף כלל ישראל און אריינגעגעבן אין קאפ פון דעם אפיציר די עצה כדי צו ראטעווען דעם טראנספארט וואס צווישען זיי האט זיך געפונען דער רועה ישראל רבינו הקדוש, וואס די השגחה עליונה האט אנגעגרייט פאר אונזער דור.

— • —

קאַפּיטל 62.

## בך בטחו אבותינו

ווען דער רבי זי"ע איז א דורך די גרעניץ פון דייטשען גיהנם קיין שווייץ האט ער זיך געזינגען דעם פסוק „בך בטחו אבותינו בטחו ותפלטמו אליך זעקו ונמלטו בך בטחו ולא בושו", דער ניגון ווערט געזינגען היינט פון רבבות אידן אין דעם יום ההצלה.

אויף די שווייצער זייט אין שטעטל סט. גאלען האבען אפגעווארט א סאך אידן דאס אנקומען פונעם טראנספארט. די מערסטע טייל זענען געווען חרד'ישע אידן וועלכע האבן נאר געוואלט זען דער רבין. ד"ר קענעדי שרייבט: אין די שטילע גאסן פון שווייצער שטעטל לעננאוים אונזער וועג האבן געווארט אונזערע אידישע ברידער עס איז זיי נישט ערלויבט געווען צו אונז צוצוקומען, האבן זיי געווארפן צו אונז פירות און זיסווארג. אבער די איינציגע שאלה וואס די אידן האבן אונז געפרעגט איז געווען „וואו איז דער רבי". ער שרייבט ווייטער נעבן מיר האט געשפאנט דער באקאנטער אונגארישער דיכטער בעלא זשאלט ער האט זיך אפגערעדט פאר מיר, זעסטו! איך בין גארנישט, קיינער קען מיך נישט, טראצדעם וואס מיינע ביכער זענען געלייענט געווארן דורך הונדערטער טויזענטער מענטשן, קיינער ווארט נישט אויף מיין אנקומען, נאר דעם סאטמארער רבי'ן קענען זיי, נאר אויף זיין קומען ווארט מען!".

די באגעגעניש צווישן רבינו הקדוש און די שווייצער אידן איז









געוועזן א רירענדע. די ערשטע פראגע וואס דער רבי האט זיי געשטעלט איז געווען צי מען האט געשניטען – זומער – ווייץ פאר שמורה מצות, דאס איז יעצט געווען זיין ערשטע דאגה ווייל ער האט נישט געקענט שניידען דעם זומער ווייץ פאר שמורה מצות זיינעדיג אין לאגער האט ער געזארגט צי ער וועט האבן שמורה ווייץ אויף פסח.

— • —

## קאַפּיטל 63.

# ב"א בסליו תש"ה

דער טאג איז פארשריבען געווארן אין די געשיכטע פון כלל ישראל פאר א יום טוב לדורות. זה היום עשה ה' נגילה ונשמחה בו אין דעם טאג איז ארויס רבינו הקדוש מעבדות לחירות מיגון לשמחה מאפילה לאור גדול. אין דעם טאג איז גערא‏טעוועט געווארן רבן ומושיען של ישראל. אי לאו האי יומא ווייסען מיר אלע ווי אזוי עס וואלט ח"ו אויסגעקוקט כלל ישראל נאך דעם גרויסן חורבן כי למחיה שלחו אלקים, השי"ת האט אויסגעלייזט רבינו הקוה"ט זי"ע צו באלייכטן דעם חשכות פון דעם דור האחרון פון עיקבתא דמשיחא.

...למען הציל אותו מידם להשיבו אל אביו. ר"ל אל אביו שבשמים **עיקר ההצלה היא להשיבו אל אביו שבשמים** ויעזור השי"ת שנזכה להתקרב אל אבינו שבשמים יחד עם כל הכלל ישראל וכו' וצריך לדעת שמה שהציל השי"ת שארית ישראל יהיה הכל לתכלית זה להשיבו אל אביו שבשמים...

**(דברי יואל וישב רצ"ד)**







די הצלה פון רבינו הקדוש איז די הצלה פון די תורה הקדושה, די הצלה פון קבלת ומסורת אבות אויף וואס אבותינו ורבותינו הקדושים האבן זיך מוסר נפש געווען.

די גאנצע וועלט שטייט אויף איין זאל „הארץ עומדת על עמוד אחד וצדיק שמו שנאמר וצדיק יסוד עולם" (חגיגה י"ב), נאך דעם חורבן הנורא מיט די פארטיליגונג פון מיליאנען ערליכע אידן צווישען זיי גאוני עולם צדיקים קדושים חסידים ואנשי מעשה איז די סכנה געווען גרויס אז עס זאל ח"ו אינגאנצן נשתכח ווערן תורה מישראל, „והיה העולם רופף ורועד" די וועלט איז געווען שוואך און ציטערדיג ביז רבינו הקדוש איז ארויסגעקומען פון עמק הבכא מתוך ההפיכה, אויף גאר וואונדערליכע וועגן, נסי נסים, אויף יעדן שריט און טריט, אויף דעם לאנגען יסורים וועג וואס האט געדויערט ארום 3/4 יאר האט רבינו הקדוש נישט

...קטנתי מכל החסדים וגו'. שאני שפל כ"כ שאפילו אם תעשה עמדי כל החסדים ונסים ונפלאות ג"כ אשאר בעיני שפל וקטן, וא"כ הרי אני כדאי שתעשה עמי נסים ונפלאות, וכמו"כ אנחנו נתונים בעהו"ר בשפלות גדול בדור האחרון בעיקבתא דמשיחא היא הנותנת שיעשה הקב"ה עמנו נסים ונפלאות בגאולה שלימה **וחייבים אנו ליתן שבח והודיה להשי"ת על כל החסד ועל הנסים והנפלאות שעשה עמנו** שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותינו וכו' **ובעינינו ראינו מזימת הרשעים שרצו לעשות בליה גמורה ח"ו לולא רחמיו וחסדיו ית"ש שהותיר לנו שארית בארץ** וצריך להתחזק באמונת אומן ובבקשה על להבא וכו' ונוכל להודות ולהלל לפניו ית"ש על כל הנסים שעשה עמנו עד היום הזה בלב שלם ובדעת צלולה ולהרבות כבוד שמים בעולם...

(דברי יואל וישלח קפ"ט)





נאכגעלאזט כמלוא נימא קיין קוצו של יו"ד פון זיין עבודה, גאנץ אומבארירט, די הענט פון די רשעים האבן נישט געהאט די מינדעסטע שליטה אויף אים, „לא נפל משערת ראשו ארצה" די דיוקנא קדישא איז געבליבן גאנץ, די סאדיסטן די גרעסטע אכזרים פון אלע דורות פון אלע צייטן, וועלכע האבן געברענט אין פייער פון שנאת ישראל, זיי האבן נישט געקענט ליידען א אידישע צורה, זיי האבן דערגרייכט די העכסטע שטופע פון בארבאריזם און געטאן אלעס אויסצורייסען דעם זכר פון א איד ולא יזכר שם ישראל עוד, אויך זיי האבן נישט געהאט קיין שליטה אויף רבינו הקדוש, דער כח הטומאה איז געבליבן שטיין, זיי האבן אים נישט געקענט שלעכטס טאן ולא נתנם אלקים להרע עמדו, זיי האבן נישט געוואגט צו טשעפן זיין הייליגע צורה, דער צלם אלקים, זיי האבן זיך געשראקן פון זיין לעכטיגע צורה. אויך די ערגסטע מענטשליכע חיה די נאצישע בעסטיע איז ווי געלעמט געווארן פאר דעם הימלישען באפעל, ומוראכם וחתכם יהי' על כל חית הארץ וגו'.

אזוי ווי חז"ל זאגען „אין חיה רעה שולטת באדם אלא א"כ נדמה לה כבהמה". און ווי צוגעפאסט זענען די ווערטער פון זוה"ק (פ' נח דף ע"א) תא חזי כל אינון בני נשא דלא חטאן קמי מאריהון ולא עברין על פקודי אורייתא זיו דיוקנא דלהון לא אשתני מחיזו דדיוקנא עלאה וכל בריין דעלמא זעין ודחלין קמיה, די השגחה עליונה האט אים געהיט אויף אלע זיינע וועגן ער איז אנגעגרייט געווען אויפצולייכטן די פינסטערניש פון גלות און צוריק אויפצובויען שארית ישראל.

די פרייליכע ידיעה וועגן די הצלה פון הייליגען רבי'ן זי"ע האט זיך געמאכט פליגלען, און האט זיך בליץ שנעל פארשפרייט פון איין עק וועלט ביז צום אנדערן, אומעטום ווי עס האבן זיך געפונען אידן וואס האבן א פונק פון אמונה א ניצוץ פון אידישקייט האט די נייעס אריינגעברענגט געוואלדיג התחזקות.

אליך זעקו ונמלטו בך בטחו ולא בושו

בך בטחו אבותינו בטחו ותפלטמו

חסדי ה' כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו







דער דערשלאגענער כלל ישראל צעבראכען לשברי שברים צעריסן און צעפליקט אויף שטיקער, דער פאר'אבל'טער פאר'יתום'טער דור וואס האט מיט איין קלאפ פארלוירען דאס בעסטע און דאס שענסטע סלתה ושמנה פון כלל ישראל — גאונים וקדושים צדיקים וחסידים זענען פארברענט געווארן און געווארן קרבנות עולות תמימות פארן באשעפער — די רעשטעלך איבערגעבליבענע אידן וועלכע זענען געווען צעזייט און צעשפרייט אין ארבע כנפות תבל האבן באקומען א פרישען גייסט - א ניי חיות - בלויז די ידיעה אז רבינו הקדוש מסאטמאר זי״ע האט זיך ארויס געראטעוועט פון די הענט פון די רשעים האט אויפגעלעבט די שארית הפליטה, די עצמות היבשות וועלכע זענען געווען אויפן שוועל פון יאוש ח״ו, טראכטענדיג אז אלעס איז פארלוירן ח״ו, האבן צוריק באקומען פונקען פון האפענונג.

אויך אידן וועלכע האבן קיינמאל פריער נישט געזען דעם רבי'ן זי״ע, אידן אין ווייטע מדינות וואס האבן נאר געהערט וועגען אים זענען אריין אין עקסטאז פון שמחה. כלל ישראל האט געפילט אז רבינו הקדוש איז דער שליח פון די השגחה עליונה אויפצולעבן און פונדאסניי אויפבויען דעם חרוב געווארענעם כלל

...ואנחנו צריכים ליתן שבח והודיה להבוכה״ע על שהציל אותנו משיני אריות בגודל רחמיו וחסדיו ית״ש וגם אצלנו נתקיים הכתוב למען הציל אותו מידם, אבל להשיבו אל אביו עדיין לא נתקיים שעדיין לא שבנו מטעותינו ואין אתנו יודע עד מה ואנה אני בא לתועלת התיקון והעיקר הכל הוא תשובה ומעשים טובים וידוע שהקב״ה התחיל בהצלה למען הציל אותנו מידם שיצילנו ברוב רחמיו וחסדיו ית״ש, ויהי רצון שיתקיים בנו גם להשיבו אל אביו שנזכה לשוב אליו ית' וכו'...

**(דברי יואל וישב ש״ב)**







ישראל, די ערליכע אידן פון אלע קרייזען אין שיכטען אין די מדינות וואו עס האבן זיך געפינען ארטאדאקסישע אידן האבן דערשפירט אז פון הימעל האט מען איבערגעלאזט דעם מלאך מושיע רבן ומושיען של ישראל. די צעבראכענע גלידער פון אידישן פאלק האבן געוואוסט אז כל זמן עס קלאפט דאס הארץ פון כלל ישראל, דער צדיק הדור, וואס איז דאס הארץ פונעם דור געפינט זיך צווישען אונז איז נאך פארהאן א האפנונג.

אין בוקארעסט וואו עס האבן זיך געפונען פולע פליטים פון אונגארן איז באלד ארגאניזירט געווארן א סעודת הודאה וואס איז פארגעקומען חנוכה אין די גרויסע מלבי"ם שוהל. ביי די סעודת הודאה האבן זיך באטייליגט אלע רבנים רבי"ס און חרדישע אידן וואס האבן זיך דעמאלט געפונען אין בוקארעסט.

אויף די פנימ'ער פון אלע פארזאמעלטע האט זיך געזען די גרויסקייט פון די מאמענט, עס איז געווען יעדען איינעמס שמחה, זיי האבן געפילט אז דא פייערן זיי די הצלה פון רבן של כל בני הגולה וואס וועט נאך באלייכטען די הערצער און אויגען פון אידישע קינדער אין די פינסטערניש פון גלות.

כדי צו באגרייפען עטוואס די געהויבענקייט פון דעם מעמד, איז כדאי צו ציטירן די דרשה וואס האט געהאלטן דער פארזיצער פון די מסיבה הגדולה, פון די זקני שרידי הצדיקים פון פריערדיגן דור הגאוה"צ רבי אלעזר שפירא זצלה"ה קיוויאשדער רב. דער קיוויאשדער רב וועלכער איז באוואוסט מיט זיין מסירות נפש נישט משנה צו זיין קיין ריר פון דרכי אבותינו הקדושים האט אנגעהויבן זיינע ווערטער מיט א קורצע הקדמה.

חבירי מורי ורבותי: איך וועל אנהייבן מיינע ווערטער מיט א באמערקונג עס איז אונז פארבאטן צורעדן און איבערהויפט צו האלטן דרשות אויף לשונות נכרים גוי'אישע שפראכן, איבערהויפט די גדולי ישראל, פון די ארטאדאקסישע קהלות אין







אונגארן זענען ארויס מיט איסורים און חרמות קעגען דעם, אזוי אויך הגאון הצדיק מסאטמאר רבי יואל ט״ב שליט״א וואס צוליב אים האבן מיר זיך פארזאמעלט צו דאנקען און לויבען דעם באשעפער אויף זיין הצלה ער האט געקעמפט און שטארק אכטונג געגעבן אויף דעם, אזוי ווי זיין מנהג איז, צו שטיין אויף דער וואך אויף יעדן פינטעל אין די מנהגים און מסורת פון אונזערע הייליגע אבות.

ער האט אויסגעטייטשט די פרשה ויגש אויף דעם דרך אז ווען יהודה ער איז צוגעגאנגען צו יוסף האט ער דאס אויך באווארענט זאגענדיג צו אים אז ערליכע אידן רעדן נאר די אידישע שפראך, וואס איז ביי אונז א ירושה פון אבותינו הקדושים, און זיי האבן געהייליגט די אידישע שפראך מיט זייער רעדן און הייליגע כוונות ביי יעדןווארט עקסטער. [זעה וואס רבינו הקוה״ט זי״ע שרייבט וועגן דעם ענין אין דברי יואל פ׳ שמיני פייערדיגע רייד אויפ׳ן פסוק זאת החי׳ וגו׳].

דער קיווויאשדער רב זצ״ל האט געזאגט אז דאס וואס יוסף האט געפרעגט די ברודערס היש לכם אב או אח האט ער זיי געמיינט צו פרעגן, היש לכם „אב״, פירט איר אייך נאך אויף דעם

במה הקב״ה מושיע את ישראל בבנים משכימין ומעריבין לביהכנ״ס ולביהמ״ד ועוסקין בתורה (תנב״א)

...אנחנו האודים הנצולים מאש כולנו נצלנו בחסד הבוי״ת אף שלא היה זכותינו כדאי **עשה השי״ת עמנו חסד בהקפה ועלינו לפרוע החוב** ותכלית הצלתינו היה כדי להשתדל בתורה ומעשים טובים לבנות על ידינו יסודות בית ישראל שנחרבה בעוה״ר **וכל אחד מחוייב להשתדל ולסייע בהחזקת הכלל והפרט...**

**(דברי יואל וישב ר״צ)**







זעלבן וועג וואס דער טאטע האט אונז געלערנט, גייט איר נאך בדרכי אבות, או „אח", איז פאראן ברודערשאפט צווישן אייך, איז דא אחדות ביי אייך. ונאמר אל אדוני יש לנו „אב זקן" מיר גייען אויף דעם זעלבן וועג פון אבותינו הקדושים, „וילד זקונים קטן", מיר ערציען די קליינע קינדער אויפ׳ן וועג פון די אבות די זקינים, אבער „ואחיו מת" ברודערשאפט איז נעבעך נישטא ס׳פעלט אחדות דאס דארפן מיר מתקן זיין כדי מיר זאלן זוכה זיין צו די גאולה.

מיט גרויס געררירטקייט האט דער חשובער רב געענדיגט „ויותר הוא לבדו" דער הייליגער סאטמארער רב איז פארבליבען אליין „לאמו" פאר כנסת ישראל, „ואביו אהבו" דער פאטער פון הימעל האט אים ליב, ער זאל לאנג לעבן, מיר זאלן זוכה זיין מיט אים אינאיינעם ארויפצוגיין אויף ירושלים דורך משיח צדקנו אמן. [זע ספר שאר ישוב פ׳ ויגש באריכות דער קיוויאשדער רב שרייבט בזה"ל: רישומי דברים שאמרתי בסעודת הודאה על הצלת גדולי ישראל מן הנאצים למדינת שווייץ ובראשם הגה"צ מסאטמאר שליט"א (יום כ"א כסלו) וי"ג מאות איש עמו בעזהי"ת בחנוכה פה עיר בוקארעסט שכבדוני בהקדמה להדורשים].

אין שווייץ האט זיך דער רבי זי"ע אויפגעהאלטן אין לאגער נעבן די שטאט מונטריי, אין חדש אדר האט דער רבי באקומען ערלויבעניש זיך צו באזעצן אין גענף, דארט איז ער איינ־געשטאנען ביי הרה"ח ר׳ משה גראס ע"ה שוואגער פון הרה"ח ר׳ שלמה גפן ע"ה.

זייענדיג אין לאגער זענען געקומען מענטשן פון אלע זייטן שואל עצה צו זיין פון רבי׳ן און בעטן זיין ברכה, דער רבי זי"ע האט דארט פיל געטאן פאר די פליטים, זיי מחזק געווען דערמוטיגט און ארויסגעהאלפן אין זייער נויט. דער רבי האט אויך נישט פארגעסן די אנדערע אידן וועלכע זענען מיט אים





געקומען פון בערגען בעלזן און זענען נאך אלץ געווען אין לאגער, פון צייט צו צייט האט ער זיי געשיקט פעקלעך עסנווארג, איבערהויפט האט דער רבי מכיר טובה געווען פאר יעדן וואס האט אים געטאן עפעס א טובה אין לאגער, און האט זיי באצאלט ביי יעדע געלעגנהייט.

אין שווייץ האט דער רבי געדארפט אויסקלייבן צווישן צוויי ברירות, פארן קיין ארץ ישראל אדער קומען קיין אמעריקע. דער ציל פון רבי'ן איז געווען א"י, אבער ער האט נישט געקענט שאפן סערטיפיקאטען צו פארן אויף א"י, דער רבי אליין שרייבט אין א בריוו פון שווייץ צו לאפאשער רב וועלכער האט געוואוינט אין אמעריקע „איך האב נישט געהאט קיין שום אויסזיכט צו באקומען א סערטיפיקאט אויף ארץ ישראל ווייל אלע ארגאניזאציעס וואס טיילן סערטיפיקאטן זענען קעגנערס צו מיר, ווייל איך האב קיינמאל נישט מסכים געווען צו קיין שום ארגאניזאציע ווייל איך האב געזען אין זיי א געפערליכער שאדן פאר די תורה הקדושה. און אויך פארן קערפערליכן וואוילזיין פון אידישע קינדער, אזוי האבן מיר מקבל געווען פון אבותינו ורבותינו נ"ע (דברי יואל מכתבים ח"א סי' קל"ו).

דער רבי רעדט זיך אויס אין זעלביגען בריוו „יעצט איז חרוב אונזער שטאט סאטמאר מיט אלע קהלות אין אונזער מדינה. וכו' איך זע דערווייל נישט קיין שום מעגליכקייט צוריק צו פארן קיין סאטמאר. (שם).

אויך אין שווייץ האט דער רבי נישט געקענט צו לאנג פארבלייבען ווייל די שווייצער רעגירונג האט נישט געוואלט פארלענגערן זיינע אויפהאלטונג וויזע. און עס איז שוין געווען א שמועה אז מען וועט אלע פליטים דעפארטירן קיין אלזשיריע–אפריקע אין א לאגער. (שם).

אוים מורא פאר פארשיקן אויף אלזשיר האט דער רבי זיך





געהאט געוואנדען צום לאפאשער רב ער זאל אים שאפן וויזעס צוקומען קיין אמעריקע דער לאפשער רב האט ערלעדיגט צוויי וויזעס פארן רבין און פאר די רעבעצין. ביני לביני זענען אנגקומען 700 סערטיפיקאטן אויף שווייץ ספעציעל אויסצוטיילען פאר די פליטים פון בערגן בעלזן, שרייבט דער רבי אז דעמאלס האבן די ציונים אויך נישט געהאט קיין ברירה „לא יכלו להשמט ממני ונתנו לי סערטיפיקאט" ווייל עס זענען געווען גענוג פארן גאנצן לאגער האבן זיי באין ברירה געמוזט געבן סערטיפיקאטן אויך פארן רבי'ן און זיינע באגלייטערס. נאכדעם וואס דער רבי האט באקומען די סערטיפיקאטן האט ער באשלאסן צו פארן קיין ארץ ישראל. דער רבי זי"ע שרייבט זיין באשלוס ווי פאלגנד „כל מגמתי כעת לישב בארץ ישראל ולהמתין שם על ישועת ישראל הבאה בב"א" מיין גאנצער ציל און שטרעבונג איז צו וואוינען אין הייליגען לאנד און דארט צוווארטן אויף די ישועה פון כלל ישראל.

ביי עטליכע געלעגנהייטן האט רבינו הקדוש ארויס געזאגט אז עס איז ביי מיר קלאר דאס נאך דעם ביטערן חורבן ווי דאס בעסטע פון כלל ישראל איז פארניכטעט געווארן וואלט געדארפט קומען דער גואל צדק, נאר ליידער די ציונים מיט זייערע פעולות דוחק צו זיין דעם קץ האבן גורם געווען צו דערוויטערן דעם זמן הגאולה. אט אין די אויבענדערמאנטע ווערטער זעט מען ווי שטארק רבינו הקדוש האט געווארט נאכן חורבן אז די גאולה שלימה זאל שוין קומען ער דריקט זיך אוים איך וועל דארט זיצען און ווארטן דערויף.

אין זעלבן בריוו שרייבט דער רבי אז עס זענען ערלעדיגט געווארן נאר צוויי וויזעס פארן רבי'ן זי"ע און פאר די רעבעצין תחי', אויב וועט נישט זיין א וויזע פאר ר' יוסף אשכנזי קומט נישט אין באטראכט איך זאל אוועקפארן און אים דא איבערלאזן,







דער רבי זי"ע האט נישט געוואלט זיך שיידן פון זיין טרייען גבאי וואס האט אים משמש געווען מיט אזא איבערגעגעבנקייט אין די שווערסטע מאמענטן.

אינטערעסאנט אז דער ענגלישער קעניג האט א גאנצע צייט געהאלטן אן אויג און געהאט אינפארמאציע ווי דער רבי זי"ע געפינט זיך, דאס איז געווען אויף די איניציאטיוו פון ר' הערש פנחס מאשקאוויטש ע"ה און ווען דער רבי זי"ע איז אנגעקומען קיין שווייץ, איז דער בריטישער אמבאסאדער אין בערן גלייך געוואויר געווארן אז די וויכטיגע פערזענליכקייט איז אין שווייץ, און ער האט דאס איבערגעגעבן אין בית המלכות, און פון ענגלישען קעניג איז אגעקומען א ידיעה צו ר' הערש פנחס אז דער רבי איז אין שווייץ פון דעם מקור איז מען צו ערשט געוואויר געווארן אין א"י אז דער רבי איז געראטעוועט געווארן. (זכור ואל תשכח ע' 27).

צען טאג אין חודש אלול תש"ה איז דער רבי זי"ע מיט זיין פמליא געפארן פון שווייץ קיין א"י, אנקומעדיג קיין חיפה האט אים אפגעווארט א גרויסער עולם ביים פארט. די ענגלישע פאליציי האט געגעבן ספעציעלע ערלויבעניש פאר ר' הערש פנחס צוצוגיין ביז צו די שיף א זאך וואס איז געווען שטרענג פארבאטן אין יענע צייטן צוליב דעם מצב פון טערארר אין פאלעסטינא, עס איז אים בייגעשטאנען דער זכות וואס ער האט געוויזן דעם בריוו פון ענגלישן קייסער. דער רבי זי"ע איז נאך א קורצען אפרוה אין

...היות שרבת שבעה לה נפשי מעת שהמים הזידונים עברו על ראשי עם בני ישראל שבאייראפע כנודע לכל. ובחמלת ה' עלי הצילני ממות לחיים וזיכני השי"ת לבא לעיר הקודש ירושלים תובב"א וכו'...

(דברי יואל מכתבים ח"א ל"א)





חיפה געפארן קיין ירושלים ווי ער איז אויפגענומען געווארן דורך א גרויסען עולם מיקירי ירושלים דער רבי זי״ע האט אין אנהייב געוואוינט ביי זיין איידעם דער סעמיהאלער רב זצ״ל, אנקומענדיג קיין ירושלים איז דער רבי געווען צעבראכן און געפלאגט מיט יסורי הגוף והנפש פון די צרות וואס ער האט מיטגעמאכט אין די לאגערן, דער רבי זי״ע שילדערט אין א בריוו צו זיין פלומעניק מוזשאיער רב שליט״א די פאסירונגען וואס זענען אויף אים אריבער נאכן לאגער, „...וכאשר זכיתי לבוא לכאן עיה״ק היה תש כוחי מאד בתכלית החולשה מגודל התלאות והצרות ר״ל" (דברי יואל מכתבים ח״א קל״ז) פאר מאטערניש און צרות איז דער רבי אריינגעפאלן אין א שווערע קראנקהייט ר״ל פון לונגען אנטצינדונג — געשוואלענע לעבער — און אנצינדענע גאל, די אלע קראנקהייטן האבן אים באפאלן צוזאמען. עס פלעגט דערציילען אין ירושלים א איד וואס האט געארבעט אלס נוירס אין שערי צדק אז דער רבי זי״ע איז געווען אין גאר א מסוכנ׳דיגן צושטאנד.

...אם יבא עשו אל המחנה האחת והכהו והי׳ המחנה הנשאר לפליטה. וכמו שקרה בעוה״ר בימינו אלה שגרם עוון הדור שנהרגו אלפים ורבבות מבנ״י מסלתה ומשמנה ולא נשארו כי אם שיורי שיריים, ועל הדור הזה התפלל יעאע״ה ואמר אם יבא עשו אל המחנה האחת ר״ל המיוחדים שבישראל הצדיקים והקדושים מסלתה ומשמנה של האומה הישראלית שהכה אותם עשו בפועל ונהרגו עקה״ש הי״ד והתפלל יעאע״ה שיהיה עכ״פ מחנה הנשאר לפליטה ומה שנשאר קצת שיריים בחמלת השי״ת עלינו הוכן בכוחו של יעאע״ה שהתפלל שעכ״פ יהי׳ המחנה הנשאר לפליטה שיחמול השי״ת להציל השירים...

**(דברי יואל וישלח קפ״ד)**

חסדי ה׳ כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו





אינטערעסאנט ביז גאר וואס עס פלעגט דערציילען הרה"ח הישיש המפורסם מוה"ר יואל אשכנזי ע"ה פון טבריה אז ער איז געקומען באזוכן דעם רבין אין ירושלים שפיטאל און ער האט געזען אז דער רבי איז בלאס ווי די וואנט און די רעבעצין זיצט נעבן בעט און וויינט ער האט פארשטאנען אז דער מצב איז קריטיש, איז ער געלאפן צום כותל מערבי און מתפלל געווען מקירות לבו צום באשעפער זאגנדיג: רבש"ע! איך בין גרייט אוועקצוגיין פון די וועלט און איבערגעבן מיינע באשערטע יארן פארן רבי'ן אז דער רבי זאל געזונט ווערן, ער פלעגט דאס פארציילען מיט תמימות צוגעבנדיג אז נאכדעם איז פארן רבי'ן בעסער געווארן וכו'. אזוי שטארק אדוק זענען געווען די פארצייטישע ערליכע אידן וועלכע האבן משיג געווען עטוואס פון זיין גדלות זיי זענען גרייט געווען אוועקצוגעבן זייער לעבן פאר רבינו הקדוש זי"ע.

איין יאר „שנת תש"ו" האט דער רבי געוואוינט אין א"י, דעמאלט האט ער געשטעלט דעם יסוד פאר זיינע הייליגע מוסדות „יטב לב" אין אה"ק, דער מסבב כל הסיבות האט אבער צוגעפירט אז ער זאל דארפן פאָרן צוליב דעם מצב פון די מוסדות קיין אמעריקע ווי ער איז שוין פארבליבן און דא אויפגעשטעלט א נעץ מוסדות תורה ויראה על טהרת הקודש מיט רבבות תלמידים יראים ושלימים, און תלמידות און בתי חינוך לבנות אויפצושטעלן בתים נאמנים לה' ולתורתו, וישלחהו אלקים וגו' לשום לכם שארית בארץ ולהחיות לכם לפליטה גדולה.





צום שלום פונעם קונטרס איז כדאי צו ציטירן די ווערטער פון כ"ק מרן אדמו"ר שליט"א אין זיין הקדמה נפלאה צו שו"ת דברי יואל חלק ראשון עמוד ז' וועגן דעם נס ההצלה פון רבי'ן זי"ע:

„ובדרך נס נפלא ניצל כ"ק מרן דודי זי"ע מעמק הבכא בחמלת ה' עליו להוציאו מתוך ההפיכה, כי למחיה שלחו אלקים עמנו, לשום לנו שארית בארץ. וכאשר היה מרגלא בפומיה תמיד דברי הנזר הקודש וכו' כי אנו שרידי חרב מוצלים מאש טוב היה לנו לשלימות נפשנו אילו לא ניצלנו, ומה שהצילנו הבוי"ת היה רק להעמיד דורות כשרים ונאמנים לה' ולתורתו הקדושה, ולהשריש בהם אמונת אומן בדרך המסורה לנו מרבותינו הקדושים".

[אויף א וואונדערליכען וועג מיט נסי נסים איז דער פעטער זי"ע געראטעוועט געווארן פון די לאגערן, השי"ת האט זיך דערבארעמט אויף אים און אים ארויסגעצויגען פון גרויסן געפאר, ער זאל אונז אויפלעבן און צוריק אויפשטעלן דעם כלל ישראל.

אזוי ווי דער רבי זי"ע פלעגט זאגען אז פאר אונז זעלבסט די איבערגעליבענע רעשטלעך וואלט געווען בעסער פאר די השלמה פון אונזער נפש ווען מיר וואלטן אומגעקומען אויף קידוש השם, נאר השי"ת האט אונז דערפאר מציל געווען כדי מיר זאלן אויפשטעלן ערליכע אידישע דורות געטריי צום באשעפער און צו זיין הייליגע תורה, און מיר זאלן אין זיי איינווארצלען ריינע אמונה אויף דעם וועג פון אונזערע אבות הקדושים].

דער רבי שליט"א אין די אויבנדערמאנטע הקדמה שילדערט ווי אזוי עס האט אויסגעזעען דער צושטאנד פון כלל ישראל נאכן חורבן „מי יוכל לתנות ולספר מעמדן ומצבן של ישראל קדושים פליטי חרב שרידים של החורבן הנורא מלאי יאוש וכו' העולם היה חשך בעדם ואף שמרן דודי היה ג"כ אז במצב שבור ורצוץ מדוכא ביסורי הגוף ונפש כאשר עיניו ראו באבדן עמו ובחורבן





מולדתו וכו׳ חרבה עירו ובטל בית מדרשו, והוא נשאר לבדו בארץ נכר, בכל זאת התלבש בגבורה נוראה והחל לבנות את בית ישראל השמם". דער רבי שליט"א שילדערט ווי אזוי רבה"ק האט ווי א געטרייער פאסטעך זיך באשעפטיגט מיט יעדן איינעם און מיט גרויס רחמנות זיי געפירט, „בשפל המצב הזה אשר מצא את כל בית ישראל אשר כמוהו לא נהיה מימות עולם וכו׳ תיכף אחרי זה השתוללה מגיפת הציונות בארץ ישראל וכלתה כל חלקה טובה וכו׳ בימים הקשים הללו זרחה שוב שמשו של צדיק זה להאיר פני תבל בצדקתו, וזיכה רבינו את כלל ישראל בכוחותיו הרוחניים הכבירים וכו׳ מעפר הקימם, מאשפות דלותם רוממם, כרחם אב על בנים כן נהג את הצאן, בחמלה וברחמנות היה משתתף בצערן של ישראל, בכל צרתם לו צר והיה מחלה עצמו עליהם וכו׳. וכך חזרו ונלקטו אחד לאחד שרידי חרב והוא היה להם לאב ולפטרון אשר דאג לכל צרכיהם ברוחניות ובגשמיות".

כ"ק אדמו"ר שליט"א שרייבט בנועם אמריו „שאין די באר להגיד ולספר פלאי פלאות אשר עשה ה׳ עמנו בראותנו היום את כל החיל הגדול הזה כ"י רבבות ישראל קדושים, ההולכים בתורת ה׳ אשר זכו להתגדל ולתחנך על ברכיו. מי האמין כזאת אחר החורבן הנורא אין זאת אלא בכוחו ובזכותו הגדול שהיה גברא דמאריה סייעיה אשר זכה להקים עולה של תורה בכל העולם, אחר שנשתכחה תורה חזר ויסדה בקדושה ובטהרה, וכלפיד אש יבער הודיע אמונת הבורא ית׳ אמונה שלימה ותמה לכל באי עולם, וזכה להקים הנהרסות ולחזור ולנטוע את כרם בית ישראל מבצרי התורה והחינוך הטהור אשר הקים ויסד במסירות נפשו הטובה בכל קצוי ארץ, המתנהגים בדרכי אבות ומוסרים נפשם לשמור דרך ה׳ לבלתי נטות ימין ושמאל הם חומת אש סביב.





כ״א כסלו תשמ״ה

# • השמטות •

[שייך לקאפיטל 6 עמוד 17]

די טיילונג פון זיבענבירגען איז באקאנט געווארן ערב ש״ק מברכין אלול ת״ש, ביי די שלש סעודות תורה יענעם שבת מברכין אלול ת״ש האט דער רבי זי״ע געזאגט אינמיטן די תורה „יצב גבולות עמים למספר בני ישראל״ (האזינו), מען ענדערט אמאל גרעניעצען פון לענדער אויף א אומפארשטענדליכען אופן, (ווייל די נייע גרעניצן זענען געווען אומפארשטענדליך, שטעט נעבן די אלטע גרעניץ ווי צום ביישפיל אראד איז געבליבן רומעניע, און אנדער זייער ווייטע ווי וואשארהעלי, סענזשארץ, זענען איבערגעגעבן געווארן פאר אונגארן) דאס איז „למספר בני ישראל״ פאר א חלק אידן איז באשערט אזא גורל, און פאר א חלק איז באשערט אזא גורל. (כידוע אז אין די ביטערע צייטן האט די רומענישע רעגירונג נישט קאאפערירט מיט די דייטשן ימ״ש און די אידן פון רומעניע זענען נישט דעפארטירט געווארן).

מערקווערדיג אז אין אנהייב נאך די טיילונג פון זיבענבערגן איז דער מצב געווען פארנעפעלט, די אלגעמיינע מיינונג איז געווען אז אין רומעניע איז די לאגע פיל ערגער ווי אין אונגארן, ווייל אין רומעניע האט מען אויסגעטיילט גרויסע צרות פאר אידן אינדערצייט וואס אין אונגארן איז געווען פארהלטענים מעסיג רואיג.

אבער רבינו הקדוש האט מרמז געווען פאר די וואס האבן אים געפרעגט אן עצה ווי זיי זאלן גיין אין די אונגארישע זייט אדער אין די רומענישע, אז אין אונגארן וועט זיין פיל ערגער. גלייך אין אנהייב האט דער רבי זי״ע געזאגט פאר איינעם וואס דער רבי האט אים געהייסן אהיימצופארן אויף רומעניע, ווען







יענער האט זיך פראבירט צו דינגען מיטן רבי'ן און האט געטענה'ט וואס וועט א בחור טוען אין רומעניע? (דארט זענען נישט געווען קיינע ישיבות) האט אים דער רבי געזאגט: „ווייסט וואס איך וועל דיר זאגן, ווען נישט וואס איך וויל נישט איבערלאזן די קהלה וואלט איך אויך געפארן קיין רומעניע".

— • —

[שייך לקאפיטל 10 עמוד 24]

## פורים תש"ד

בעפאר פורים תש"ד איז דער מצב געווען זייער ערנסט, אידן האבן זיך אנגהויבען צו פארשטעלן מיט גוי'אישע מלבושים כדי מען זאל נישט דערקענען אז זיי זענען אידן. אין יענעם פורים האט דער רבי זי"ע געטרינקען גאר אסאך וויין מער פון זיין געוואוינהייט דער רבי זי"ע האט דעמאלט געטייטשט דעם מאמר חז"ל בג' מילי עבידי רבנן דמשני במילייהו – בפוריא, אז דורך דעם כח פון טרינקען אין פורים קענען די רבנן די צדיקים זיין משני במילייהו, דאס מיינט מען משנה זיין און איבערדרייען גזירות פון שלעכטן צום גוטען.

אינטערעסאנט וואס עס דערציילט הרה"ח ר' שמעון ווייס נ"י וועלכער איז דעמאלט געווען ביים רבי'ן אז דער רבי זי"ע איז געווען שטארק מבושם אן מען האט צוגעטראגען דעם רבי'ן צום בעט ער זאל זיך אביסעל אראפלייגען, און ר' יוסף אשכנזי נ"י האט אויסגעטאן די שיך פארן רבי'ן און האט ערשט אויסגעטאן דער רבי'נס רעכטע שיך, דער רבי האט זיך גלייך אנגרופן זעט אויס אז דו האלטסט שוין ביי „עד דלא ידע" אז דו האסט צוערשט אויסגעטאן דעם רעכטן שיך (און דער דין איז אז מ'דארף ערשט אויסטאן דעם לינקען שיך). פון דעם קען מען זען א טיפה מן הים די גרויסע קדושה און זהירות פון רבי'ן אין יעדן ציווי פון חז"ל אפילו אין אזא צייט זיינעדיג שטארק מבושם





וויבאלד ער האט באמערקט אז איינער טוט אנדערש ווי חז״ל הייסן האט ער דערויף מעורר געווען ער האט דאס שוין דערשפירט.

דעמאלט האט דער רבי זי״ע אויך געזאגט א טעם פארוואס מען פארשטעלט זיך אין פורים. ווייל אזוי ווי אין היינטיגע צייטן אזוי אויך אין די צייטען פון המן הרשע ווען עס איז ארויסגעגעבן געווארן די גזירה אויף אידן להשמיד להרוג ולאבד האבן זיך אסאך אידן פארשטעלט מיט גוי׳אישע קליידער כדי זיך צוראטעווען, אבער מיר דארפן ווייזן אז מיר ווילען נישט בלייבען מיט די גוי׳אישע בגדים, און ווען די סכנה גייט אריבער טוען מיר זיך צוריק אן מיט אידישע מלבושים דערפאר פארשטלט מען זיך פורים צו ווייזן אז דאס איז נאר א פארשטעלטע זאך און מיר בלייבן נישט מיט דעם, דער רבי זי״ע האט צוגעגעבן איך האב מורא טאמער וועט זיך פארגלוסטען פאר אידן צו פארבלייבן מיט די בגדים.

— • —

[שייך לקאפיטל 13 זייט 31]

ווען עס איז ארויסגעקומען די גזירה אז אידן מוזען גיין מיט געלע שטערן (די געלע לאטעס האבן געהאט א פארם פון א שטערן) האט דער רבי זי״ע געזאגט בדרך שחוק מכאיב, עס איז דאך באקאנט די סתירה אויף איין פלאץ שטייט אז אידן וועלן זיין „ככוכבי השמים" אזוי ווי שטערנס פון הימל און אויף אן אנדער פלאץ שטייט והיה זרעך „כעפר הארץ" אזוי ווי שטויב פון די ערד. יעצט זענען ביידע זאכן מקויים געווארן אידן דארפן גיין מיט געלע שטערנס און מ׳טרעט אויף זיי אזוי ווי מ׳טרעט אויף שטויב פון די ערד.

— • —

חסדי ה׳ כי לא תמנו כי לא כלו רחמיו







[שייך לקאפיטל 42 עמוד 77]

מערקווירדיג וואס עס האט פארציילט הרה"ח ר' פנחס בערקאוויטש ז"ל (מוותיקי חסידי רביה"ק זי"ע ומלמד תשב"ר במוסדות רביה"ק) וואס עס האט אים דערציילט הרהגה"צ ר' יונתן שטייף זצ"ל וועלכער איז געווען מיטן רבי'ן אין בערגען בעלזן, רבי יונתן האט געזאגט מיר זענען ביידע אריבער פאר דעם רוסישן דאקטאר וואס האט באקוקט די בארד, דעם רבי'ן האט ער דורכגעלאזט און געזאגט אז די בארד איז א ריינע און מיך האט ער נישט דורכגעלאזט, דעמאלט האב איך נישט פארשטאנען פארוואס? איך האב אויך געהאט א ריינע בארד פונקט ווי דער רבי, פארוואס האט מען דער רבי'ן דורכגעלאזט און מיך נישט, אבער ווען איך בין געקומען קיין אמעריקע און געזען זיין הייליגע עבודה האב איך פארשטאנען דעם חילוק, האט הגה"צ ר' יונתן אויסגעפירט מיט זיין עניוות.

— • —

[שייך לקאפיטל 47 עמוד 83]

ביי א שמועס מיט זיינע מקורבים האט דער רבי זי"ע דערציילט אז אין בערגען בעלזן האבן די דייטשע רשעים איימאל צוגענומען פון מיר דעם טלית און תפילין און האבן דאס באהאלטן אויף א פלאץ, מיר זענען געגאנגען און צוריק ארויסגענומען די תפילין פון זייער באהאלטעניש. איינמאל האב איך געדאווענט אין די תפילין אין באראק, פלוצים איז געקומען א זשאנדאר און האט געזאגט „מיר האבן אים געכאפט!" אבער ער איז זיך שוין אוועק געגאנגען און האט גארנישט געטאן.

— • —












געטא פון דעם פאנטשיטשויער רב, הגה"צ רבי יודא ארי' לייב לעווינגער הי"ד, עס איז געווען דאן פאר שבועות און דער רבי האט פון איהם באקומען די גמרא צו לערנען צווישן פסח און שבועות (מסכת סוטה האט 49 דפי'ן אקעגן די ספירה טעג). דאס איז געווען דער אייציגער ספר וואס דער רבי האט געהאט מיט זיך אין לאגער און אין וועלכן ער האט די גאנצע צייט געלערנט.

שפעטער, נאכ'ן באפרייען, האט דער רבי זי"ע געזוכט שטענדיג א געלעגענהייט ווי אזוי אויסצודריקן דעם דאנק כאטש פאר די קינדער פון פאנטשיטשויער רב הי"ד (וועלכער איז אומגעקומען דורך די דייטשן) און זיי שטענדיג אויסדגעדריקט די הכרת טובה וואס ער איז שולדיג פאר זייער פאטער פאר'ן צושטעלן די גמרא.

